דאָס דאָזיקע בוך וואָס דער מחבר גבריאל ווייסמאַן ז״ל האָט צוגעגרייט אין זיינע לעצטע וואָכן, דערשיינט מיט דער הילף פון: —
קרן תל־אביב לספרות ואמנות ע״ש י. רבינוביץ׳;
יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל;
הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג ביים פאַרלאַג „ישראל־בוך״;
בצלאל און סאָניע קאַסטנער־פאָנד, תל־אביב
און ישראל גלאַט, דעם מחברס אַ בן־עיר.

גבריאל ווײַסמאַן

# פון מײַן סאָד

מעשׂהלעך פֿאַר קלײן און גרויס




פֿאַרלאַג „ישׂראל־בוך“
הילפֿספֿאָנד פֿאַר ייִדיש־שאַפֿונג
תל־אביב, תשמ״ט — 1988

אַ מתנה
מיין פרוי **לאה**,
אונדזערע קינדער און אייניגלעך
— מיט ליבשאַפט.

# אין מײַן טאַטנס אָנדענק

בעת כ'גיי אָנצייכענען שטריכן צו מײַן פֿאָטערס געשטאַלט, באַווײַזן זיך פּאָר מיר צוויי פֿאַרשיידענע מעגלעכקייטן: פֿירברענגען זײַן געשטאַלט ווי איך געדענק זי, פֿון זינט מײַן קינדשאַפֿט אָן ביז די גרוילִיקע רגעס פֿון זײַן אויסגיין, אָדער — זיך קאָנצענטרירן אַרום דעם אימאַזש פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן מענטש, דעם שרײַבער, זשורנאַליסט און קונסט־קריטיקער. און דאָס — נישט נאָר דערפֿאַר וואָס זיי זענען צוויי אַנדערשדיקע געשטאַלטן, נאָר ווײַל אויך הײַנט, בעת איך אַליין בין שוין אַ מאַמע פֿון דערוואַקסענע קינדער, איז מיר שווער משלים צו זײַן מיט דעם שטענדיקן מוז זיך צו טיילן מיטן טאַטן מיט אַזוי פֿיל מענטשן און טוּונגען, וואָס האָבן אים אָפּגעריסן פֿון אונדז, און צוגעגזלט בײַ אים אַליין זײַן טײַערסטע צײַט.

וואָרעם דאָס געשטאַלט וואָס איז געבליבן אײַנגעקריצט אין מײַן זכּרון איז: דער טאַטע, אַ באַברילטער, אָן אָנגעבויגענער איבער פּעק פּאַפּיר, צײַטונג־אויסשניטן און ביכער. דער טיש באַדעקט מיט קאָרעקטורן און מיט לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, באַשריבענע מיט זײַן פּראַכטיק־שיינעם געדיכטן כּתב, דערבײַ דער תּמידיקער שטרענגער פֿאַרלאַנג פֿון דער מאַמען: שטילער, דער טאַטע שרײַבט! און — ר'האָט געשריבן זייער אַ סך. אָן עדות זײַנע איבערגעבליבענע אַרבעטן, פֿון וועלכע בלויז אַ טייל פֿון זיי איז געדרוקט געוואָרן: רעצענזיעס איבער ביכער, קריטיק איבער אויסשטעלונגען, קינדער־ערציילונגען, לידער פֿאַר קינדער און פֿאָלקלאָר. דאָס אַלץ — אין זײַן הערלעכן זאַפֿטיקן ייִדיש, וועמענס שקיעה ר'האָט אַזוי געוויטיקט, און נישט געוואָלט מיט איר שלום מאַכן ביז זײַן לעצטן אָטעם־צוג.

ווײַל מײַן טאַטע איז געווען אַ קינסטלער פֿון וואָרט. ער האָט געקענט די סודות פֿון ייִדיש דורך און דורך. ער האָט געוווּסט ווי צו געפֿינען אין איר דאָס פֿאַרבאָרגענע אינעם אָפֿענעם־קלאָרן, דאָס נסתּרדיקע אין דער נגלה. אין זײַן האַנט און פּעדער האָט ייִדיש געלעבט און געאָטעמט אַ פֿולבלוטיק פֿאַרביק לעבן. זײַן וווּנדער־לעכע פֿילבאַרקייט צום וואָרט, זײַן אומבאַגרענעצטע איבערגעגעבנקייט צו אונדזער קולטור, די ייִדישע, און איבער אַלץ — די אהבה שאינה תּלויה בדבר — אַ ליבע צו ליטעראַטור און קונסט, וואָס ווערט נישט אויסגעוועפּט מיטן לויף פֿון דער צײַט — דאָס אַלץ איז געווען בײַ אים דער עיקר העיקרים.

זײַן פֿילעוודיק אויער צו יעדן קלאַנג און ניואַנס און זײַן אומפֿאַרגלײַכלעך אים דינענדיקע פּעדער, האָבן מיך תּמיד איבערראַשט. אַז כ'פֿלעג לייענען זײַנע מאמרים וואָס זענען אַזוי רײַך געווען מיט פֿילבאַרקייט, און זײַנע דערציילונגען וואָס האָבן פֿאַרמאָגט חכמה, וויסן און צאַרטקייט, האָט זיך מיר כּסדר געדאַכט, אַז אָט־אָט איז ער

דערגאַנגען צו דער העכסטער הייך, צו וועלכער ער וועט שוין מער נישט קאָנען צוריקקומען. דער נס פלעגט אָבער אים נישט אָפּלאָזן, און ווידער איז ער געשטיגן פון יצירה צו יצירה.

מײַן טאַטע איז אָבער אויך געווען אַ מענטש פון מעשׂים. מיט איבערגעגעבנקייט און גלויביקייט האָט ער געטאָן זײַן פּראָסטע טאָג־טעגלעכע אַרבעט. אָן צאָליקע קאָרעקטורן — אַ מורעשקעס אַרבעט. און דאָס אַלץ ווי אַ צוגאָב צו זײַן אַרבעט ווי אַ באַאַמטער אין „עמידר״, אַן אַרבעט וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר זייער אַ וויכטיקע, ווייל ר׳האָט דאָרט געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו העלפן אָן אַ שיעור נײַע עולים, זיי זאָלן קאָנען צוקומען צו אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ. דאָס איז אפשר געווען זײַן „קליין ציוניזם״ אין וועלכן ער האָט געזען אַ מין המשך צו זײַן יאָרנלאַנגער רײַכער ציוניסטישער טעטיקײט אין פּוילן.

שווער, זייער שווער צו מאַכן אַ בילאַנס פון מײַן טאַטנס לעבנסווערק און אַרײַנלייגן אַלץ אין אַ קאָמפּאַקטן קיצור. זײַן ליטעראַריש ווערק וועל איך סײַ ווי נישט קאָנען ווי געהעריק באַשרײַבן און אָפּשאַצן. אָבער, וואָס עס איז נאָר מעגלעך אַרויסצוברענגען אין קורצע שטריכן — דאָס האַלט איך פאַר מײַן חוב צו טון. איך דאַרף נאָר צוגעבן, אַז מײַן טאַטע איז געווען איינער פון די יחידי סגולה וואָס האָבן קיינעם נישט נאָכגעטראָגן קיין שׂנאה, קיינעם נישט באַליידיקט, אַן איש תמים וישר. איך געפין נישט קיין מענטש וואָס זאָל זײַן גלײַך צון אים מיט גוטסקייט און מיט פשוטער אויפפירונג. און ווען איך לערן מיט תלמידים ח. נ. ביאַליקס פּאָעמע „יהי חלקי עמכם״, גייט אויף פאַר מיר און אַנטפּלעקט זיך זײַן געשטאַלט אין איר פולער צניותדיקער פּראַכט, און כ׳דערזע מײַן טאַטן ווי איינעם פון די ענווי עולם מיט וועלכע ביאַליק האָט זיך געוווּנטשן צו זײַן צווישן זיי.

וועט זײַן זכר אונדז תמיד באַגלייטן.

**אילנה מנס (ווײַסמאַן)**

# איך שפּיל זיך נישט מער אין מלחמות

ווען יאָסעלע הערט ווען מען דערציילן אַ מעשׂה, שטעלט ער אָן מויל און אויערן און קוקט יענעמען גלײַך אין מויל אַרײַן, כּדי נישט צו פֿאַרפֿעלן, חלילה, אַ וואָרט. די בעסטע זאַך וואָלט ער אָוועקגעגעבן פֿאַר הערן עפּעס אַ געשיכטע. דערהויפּט אָבער, האָט ער ליב מעשׂיות וועגן מלחמות און העלדן.

אַנומלט איז ער צוזאַמען מיט גיטעלען, זײַן מאַמעס שוועסטערן־טאָכטער, וואָס וווינט מיט איר מוטער פֿון זינט נאָך דער מלחמה בײַ זיי אין שטוב — געווען בײַם פֿעטער ניסן. יאָסעלע האָט שטאַרק ליב דעם פֿעטער ניסן. ליבער פֿאַר אַלע פֿעטערס און מומעס. קאָן זײַן צוליב דעם, וואָס דער פֿעטער ניסן האָט אַ ייִנגעלע, דודל, וואָס איז אין איין עלטער מיט יאָסעלען, און ווען ביידע ייִנגלעך טרעפֿן זיך צוזאַמען, שפּילט מען אין „גראָד און אום“, אין „עטל־בעטל“, אין „באַהעלטעלער“ און אין נאָך אַנדערע פֿריילעכע שפּילן; און קאָן אויך זײַן צוליב דעם, וואָס דער פֿעטער ניסן קאָן דערציילן זייער שיינע מעשׂיות.

געוויינלעך קען יאָסעלע אַלע שכנים און פֿרײַנט, וואָס קומען צום פֿעטער ניסן אין שטוב אַרײַן. אָבער דאָס מאָל האָט ער געטראָפֿן בײַם פֿעטער אין שטוב עפּעס אַ מאָדנעם פֿאַרשוין, וואָס האָט גלײַך געצויגן יאָסעלעס אויפֿמערק צוליב צוויי סיבות: די גאָלדענע און זילבערנע מעדאַלן, וואָס האָבן געבאַמבלט אויף פֿאַרשידנפֿאַרביקע סטענגעס אויף יענעמס ברוסט, און צוליב זײַן אויסערגעוויינלעכער הייכעניש און ברייטעניש.

אַלע האָבן געטרונקען טיי און דער מאָדנער מענטש האָט עפּעס דערציילט. לויט די פּנימער פֿון די אַרומיקע האָט זיך יאָסעלע אָנגעשטויסן, אַז דאָס דאַרף זײַן אַ טשיקאַווע געשיכטע.

יאָסעלע האָט זיך שטילערהייט צוגעשאַרט צום טיש און, ווי דער שטייגער זײַנער — געעפּנט מויל און אויערן. אין אָנהייב האָט ער, וואָס אַן אמת, אַ סך ווערטער נישט פאַרשטאַנען, ווי: פּאַרטיזאַנער, סאַבאָטאַזש, אַקציע און נאָך עפּעס אַזעלכע מאָדנע ווערטער, וואָס ער הערט זיי צום ערשטן מאָל. אָבער ביסלעכווײַז, ווען יענער איז איבערגעגאַנגען פון איין פּאַסירונג צו דער צווייטער, האָט ער אָנגעהויבן אַלץ אַרויספילן און באַנעמען דעם זין פון זיי. יאָסעלע האָט געשלונגען יעדעס וואָרט און פון צײַט צו צײַט געכאַפּט אַ בליק פול מיט קנאה צו די בלישטשנדיקע מעדאַלן.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט יענער אויפגעהויבן די לינקע האַנט און געוויזן, אַז פון יענער־אַ שלאַכט פעלן אים צוויי פינגער.

יאָסעלע האָט זיך געוווּנדערט הלמאי ער האָט דאָס ביז איצט נישט באַמערקט.

יענע נאַכט איז יאָסעלע שלעכט געשלאָפן. שעהען לאַנג האָט ער זיך געוואָרפן פון איין זײַט אויף דער צווייטער און זייער פיל אַרײַנגעטראַכט אין די מעשיות, וואָס ער האָט יענעם טאָג געהערט.

אָ, — טראַכט יאָסעלע — ווען ער איז דעמאָלט, מיט פינעף יאָר צוריק, אַזאַ גרויסער ווי הײַנט, וואָלט ער זיך נישט געלאָזט אַוועקפירן אין אַ פינצטערער נאַכט צו יאַנקען אין דאָרף און אָפּליגן שטיל ווי אַ מײַזל צוויי ווינטערן מיט אַ זומער אין אַ שײַער פון היי. כּסדר געהאַלטן אָנגעשפּיצט די אויערן צום מינדסטן שאָרך וואָס איז געקומען פון דרויסן. ער דערמאָנט זיך ווי ער פלעגט אַ תּמיד־הונגעריקער אָפּוואַרטן דאָס קומען פון יאַנעקס גרויסע טאַכטער, סטאַכע. אַ יעדער נאַכט פלעגט זי קומען און שטיל, שטיל אויפעפענען דעם שײַער און ברענגען אונטער דער פאַטשיילע אַ שטיק ברויט מיט אַ קריגל וואַסער. טיילמאָל אויך — אַ ציבעלע. זי פלעגט דאָס אַוועקשטעלן פאַר אים און שטיל ווי אַ קאַץ פאַרשווינדן. ווען ער איז דעמאָלט אַזאַ גרויסער ווי הײַנט — טראַכט ער איצט אויפן געלעגער — וואָלט ער אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער און געהאָלפן שלאָגן די היטלעריסטישע מערדער. אײַ, וואָלט ער זיי געשלאָגן! מיט אַ שווערד וואָלט ער געשניטן אויף רעכטס און

לינקס! אויף אַלע זייַטן! נאָט אייַך, מערדער! פּאָר גיטעלעס זיצן אין שאַנק באַהאַלטן! פּאָר יאַנקעלען! פּאָר נחהלען! פּאָר פייגעלען! פּאָר ייִטקעלען! און פּאָר אַלע ייִדישע קינדער! אַזוי! אָט, אַזוי וואָלט ער געשלאָגן, און עס וואָלט אים נישט געאַרט ווען ער קומט אַהיים אָן צוויי פינגער ווי דער, וואָס איז געווען בייַם פעטער ניסן. עס וואָלט אים אַפילו נישט געאַרט ווען ער קומט אַהיים אָן אַ פוס, ווי לייבעלעס טאַטע.

צומאַרגנס אין דער פרי איז יאָסעלע אויפגעשטאַנען פריִער ווי אַלע מאָל. ער איז שנעל אַראָפּ פון בעט, אַרומגעוואַשן זיך און גלייַך צו צום טיש.

נאָכן פרישטיק האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן דיל און גענומען אויסמייַסטערווען פון האָלץ אַ ביקס, אַ שווערד, און אַ העלם פון פּאַפּיר. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער די „שווערד" צוגע־בונדן צו דער לינקער זייַט פון רימען אַרום דער טאַליע; די „ביקס" האָט ער פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס; דעם „העלם" אויפן קאָפּ און — מאַרש איבערן עס־צימער: איינס, צוויי, דריי, פיר! איינס, צוויי, דריי, פיר! דערבייַ האָט ער גענומען אַזוי שטאַרק פויקן מיטן וועלגערהאָלץ אין אַ בלעכערנעם בעקן, אַז אַלע שטוב־מענטשן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אין עס־צומער, ווו יאָסעלע האָט מאַר־שירט הין און קריק און קאָמאַנדעוועט: איינס, צוויי, דרייַ, פיר!

דערזעענדיק גיטעלען, שרייַט יאָסעלע אויס מיט היץ:

— נעם, גיטעלע, די קער־באַרשט, וועט מען זיך שפּילן אין אַ מלחמה.

— כ'האָב נישט ליב קיין מלחמות! — פאַרציט גיטעלע אַ ליפּעלע — און דוכט זיך, אַז טרערעלעך שטייען איר אין די אויגן.

— אָבער אין אַ מלחמה — שרייַט אויס יאָסעלע — קאָן מען שלאָגן דעם שונא און ווערן אַ העלד!

— אַ מלחמה איז נישט איבערקלייַבעריש — רופט זיך אָפּ גיטעלעס מאַמע, וואָס איז עפּעס זייער בלאַס געוואָרן און האָט, דוכט זיך, מיטאַמאָל באַקומען פייַכטע אויגן — אין אַ מלחמה פאַלן שלעכטע און גוטע, אומשולדיקע מענטשן אויך.

— ווען דײַן טאַטע וואָלט אויך, ווי מײַן טאַטע, אומגעקומען אין דער מלחמה — ברוגזט זיך גיטעלע — וואָלסטו נישט געהאַט קיין חשק זיך צו שפּילן אין מלחמות.

יאָסעלע איז רויט געוואָרן. עפּעס האָט אים אַ ברי געטאָן אונטערן האַרצן. בליץ־שנעל האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די „כּלי־זין״ פון זיך, איז צוגעגאַנגען צו גיטעלען און שטיל, ווי פאַרשעמט, אויסגערופן:

— איך שפּיל זיך מער נישט אין מלחמות!



## דער זייגער האָט זיך צעבייזערט

אונדזער זייגער — הערט נאָר הערט,
האָט אַמאָל אַזוי באַקלערט:
ס׳איז אַ בושה מיר און שאַנד
כ׳זאָל כּסדר אַזוי אויף וואַנט
ציילן רגעס און מינוטן
ס׳קאָן פאַרקילט ווערן בלוטן —
טיק־טאַק, טיק־טאַק, גייט און גייט,
כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט רייד,
אַזוי כּסדר אָן אַ גרענעץ
כאָטש גיב אַ לאַנגן גענעץ;
ס׳איז פון ציילן מיד און מאַט
שוין געוואָרן מײַן ציבערבלאַט.

דאָס דערהערט — האָט דער ווײַזער
זיך געטון אַ צעבייזער:
ווי לאַנג איז דען דער שיִער,
אַז אָן אויפהער אַרום דיר
זאָל איך רק נאָר גיין און גיין
און חלילה נישט בלײַבן שטיין;
און נישט פאַרשפּעטיקן צומאָל
אויף אַ רגע, אויף אַ האָר;
אויב, אַמאָל, שטעלט זיך זייגער,
זאָגט מען גלײַך: ס׳איז אַ פּגר...
און ער טראַכט זיך: ניין און ניין,
איך וועל אָפּשטעלן מײַן גיין!
וויל פון וואַנט אַראָפּ שפּאַצירן
און הייבט אָן פילאָזאָפירן:
ווי וואָלט אויסגעזען די וועלט
ווען איך וואָלט זיך אָפּגעשטעלט?

גיט דערבײַ זיך אַ פאַרטראַכט:
אַנשטאָט זיבן וואָלט גאָר אַכט,
אָדער צען אַוועק די באַן —
ווייסט איר וואָס געשען ס'וואָלט דאַן?

פונעם אײַנפאַל לאַכט און קוועלט,
ס'וועט אַ פּנים האָבן וועלט...
גרייט צו שטעלן זיך פאַרטראַכט
פּלוצעם, גראָד — געשלאָגן אַכט
און איידער וואָס, איידער ווען
ווי אַ צאַפּל פון אַ ברעם:
בים און באַם, ווי דער שטייגער,
האָט צעקלונגען זיך דער זייגער,
טיק און טאַק און נישט געאײַלט
רגעס, שעהען — ווידער ציילט.

## יורמ׳ס זאַכן האָבן זיך צעבונטעוועט

דאָס גלעקל פון דריי־רעדלדיקן ראָווער האָט זיך אין יורמ׳ס שלאָף־צימער צעקלונגען מיט אַ הייזעריקן קול: רדזין... רדזין... רדזין...

— בו... בו... — ברומט דער פּליושענער בער — ביזט געדעכט!

— וואָס פאַראַ טרעוואָגע אין מיטן נאַכט? — הירזשעט פון ווינקל דאָס הילצערנע פערדל, וואָס ליגט איבערגעקערט אויף אַ היי־גראַבליע.

— אַ פערד, בלייַבט אַ פערד! — ברוגזט זיך די הילצערנע גראַבליע — צוויי ציין מיר אויסגעבראָכן און כראָפּעט ווי אַ פערד.

— נישט יעדער וואָס כראָפּעט, שלאָפט — פאַרענטפערט זיך דאָס פערדל, לאָ די וואָס דו שטעכסט מיר מייַן פּלייצע מיט דייַנע שפּיציקע ציינער, האָסטו נאָך טענות צו מיר? ווייסטו דען נישט, אַז דאָס האָט מיך אַזוי יורם אַרויפגעוואָרפן אויף דיר מיט די פיס קאַפויר און איך קאָן זיך נישט רירן פון אָרט?

רדזין... רדזין... אין מייַן הייזעריקייט איז אויך שולדיק יורם — צעקלינגט זיך הייזעריק דאָס גלעקל — איר אַלע האָט דאָך געזען ווי שיין איך האָב געפינקלט און ווי זילבערדיק איך האָב געקלונגען. אָבער זינט יורם איז געפאָרן מיט מיר אין אַ רעגן־טאָג און שפּעטער געלאָזט מיך אַ נאַסן אין פאַדערהויז, האָב איך אָנגעהויבן זשאַווערן און הייזעריק געוואָרן. נישט איינמאָל פאַרשעם איך זיך פאַר מייַן צוויי־רעדלדיקן ברודער, וואָס עמי דעם שכנס זינדל האָט געקויפט אין איין צייַט, וואָס יורם האָט מיך געקויפט. ביידע זייַנען מיר, דעמאָלט, געווען פונק־נייַ. הייַנט איז אָבער צווישן אונדז אַ גרויסער אונטערשייד: יענער — דזין! דזירן! און איך — רדזין... ררדזין... יענער פינקלט ווי נייַ און איך — האָב אַ פאַרזשאַווערטן אויסזען.

— אַז מען פֿאַלט אַריין אין שלעכטע הענט, איז טאַקע ביטער!
— פֿרײַבן אַלע דרײַ רעדער — אויך מיר פֿאַרשעמען זיך פֿאַר עמיס ראָווער, ווייל עמי שמירט אָפּט די רעדער, לויפֿן זיי גרינג און שטיל, אָבער יורם שמירט אונדז קיינמאָל נישט, גייען מיר שווער און סאָפּען ווי די גענדז.

— אַלעמען פֿאַרשעמט יורם — סקריפּען מיט אַ זיפֿץ יורמס שיך (איין שוך ליגט אונטערן בעט און דער צווייטער — ערגעץ אין אַ ווינקל אויף אַ ביכל): וואָס פֿאַראַ בושה האָבן מיר נעבטן, אַ שטייגער, געהאַט אין וואַרשטאַט בײַ חיים שוסטער. אַלע שטיוועלער און שיך האָבן געחוזקט פֿון אונדז. אַלע זײַנען געווען אויסגעפּוצט און מיר — פֿאַרשטויבט און פֿאַרבלאָטיקט אַזוי, אַז אַפֿילו חיים שוסטער, וואָס האָט צומאָל קיין גאַל נישט, האָט זיך באַצויגן צו אונדז ערגער ווי צו אַלע אַנדערע שיך, אונדז אַוועקגעוואָרפֿן אין אַ ווינקל, אַז קיינער זאָל אונדז נישט זען. סקריפּ... סקריפּ.. אַ גרויסער שליאָך, יורם.

— דאָס זעלבע טענה איך דאָך שוין פֿון לאַנג! — מישט זיך אַרײַן יורמס אויבערהעמדל, וואָס ליגט אויפֿן בענקל אַזוי צעקנייטשט, אַז עס זעט גיכער אויס ווי אַ שמאַטע צו רייניקן שטויב. זעט: ערשט נעכטן האָט יורמ׳ס מאַמע מיך געוואַשן, געטרוקנט און אויסגעפּרעסט, גלאַטיק ווי אַ קאָרט. אַ גרויס רחמנות איז מיר געווען אויף יורמס מאַמע, וואָס האָט באַקומען רויטע הענט פֿון רײַבן מיך, און טראָפּנס שווייס, האָבן גערונען פֿון איר שטערן און פּנים. ווען יורם האָט מיך הײַנט אָנגעטון, בין איך געווען קלאָר ווי שניי, אַז איך האָב געפֿאַכלט פֿאַר ריינקייט. און איצט — ווי צעקנייטשט און שמוציק איך בין. באַ! אַ שלעכט יינגל, יורם.

— אַוודאי... אַוודאי... ווער עס שוינט נישט זײַן מאַמעס האָרעוואַניע, פֿאַרשאַפֿט דער מאַמען אומזיסטיקע אַרבעט און אַליין גייט מען שטענדיק אַרום אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן ווי איך, אַ שטייגער... — אַזוי טענהן יורמס סאַמעטענע הייזעלעך, וואָס בייגן זיך אין צווייען און פֿאַרשטעלן דאָס אָרט, ווו עס פֿעלט צוויי קנעפּלעך.

— און דעם טאַטנס שווער־אויסגעהאָרעוועטע געלטער איז גאָרנישט קיין שאָד? — רופן זיך אָפּ מיטאַמאָל עטלעכע קאָלירטע קרײַדלעך און בלײַערס, וואָס ליגן צעוואָרפן אין אַלע ווינקלען פון צימער. אַנדערע קינדער — רוקן זיי אַרויס אַ טענה — שרײַבן־אויס די בלײַערס ביזן סוף, און יורם, ווייסט נאָר יעדן טאָג צו קויפן פרישע בלײַערס, כּדי צו האָבן וואָס צו צעברעכן און צעקרישלען.

— און מיר איז פיל ערגער פון אײַך אַלעמען — הערט זיך אַ פאַרשטיקט קול פון ביכל וואָס ליגט אונטער יורמ׳ס שוך, ווײַל דיך — זיפצט דאָס ביכל — קאָן מען אויספּוצן; אַ העמדל קאָן מען אויס־וואַרשן; הייזעלעך — פאַרריכטן; אַ ראָוער אויסרייניקן, אויס־שמירן, אָבער ווער וועט מיך אין האַנט איצט נעמען צוליב דעם, וואָס יורם האָט אָפּגעריסן פון מיר דעם שער־בלאַט און קיינער ווייסט איצט נישט ווער ס׳איז דער מחבר מײַנער. וויפל לאַנגע נעכט איז דער מחבר געזעסן איבער מיר און זיך געמוטשט איבער יעדן איינפאַל, איבער יעדן זאַץ, איבער יעדן וואָרט ביז איך בין געוואָרן אַ שיין אינטערעסאַנט ביכל. אַלע וואָס האָבן מיך געלייענט, האָבן גרויס הנאה געהאַט פון מיר. ביז... יורמס טאַטע האָט מיך אָפּגע־קויפט און — יורם האָט נאָך דעם זעלבן טאָג אָפּגעריסן דאָס שער־בלאַט און אויסגעריסן פון מיר די לעצטע צוויי בלעטלעך אַזוי, אַז קיינער וועט איצט נישט וויסן דעם סוף פון שמערל נאַר, וואָס האָט אין אַן עת־צרה גאַנצע עדהס ייִדן אָפּגעראַטעוועט און אַליין אַרומגעגאַנגען מיט אַ בעטלער־טאָרבע איבער דער וועלט.

— ווי שיין דו דערציילסט! — האָבן אַלע זאַכן אַנטציקט אויסגערופן צום ביכל — אַ שאָד, טאַקע, וואָס מיר ווייסן נישט דעם סוף פון שמערל נאַר.

רדזין... רדזין... כ׳האָב אַן אײַנפאַל! — צעקלינגט זיך הייזעריק דאָס גלעקל — ווער עס וויל נישט זײַן בײַ יורמען זאָל זיך אַרויפזעצן אויפן פערד און מיר פאָרן צו אַנדערע, בעסערע קינדער.

— טאַקע! טאַקע! האָבן אַלע זאַכן מיטאַמאָל פריידיק אויסגע־רופן און גענומען זיך אויסזעצן אויפן פערד: נישט פאַר אַלע האָט אָבער געסטײַעט פּלאַץ. שלעכט!

— פּררר! פּררר! אַ פערד קאָן שלעפּן מערער ווי צען ראָוערן! — צעהירזשעט זיך גאַוואַהדיק דאָס הילצערנע פערדל. העלפט מיר נאָר זיך שטעלן אויף די פיס וועל איך אײַך אַלעמען אַוועקפירן פון דאַנען.

דער פליושענער בער האָט געהאָלפן דעם פערדל זיך שטעלן אויף די פיס און — ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופעניש, אַ דרענגעניש, יעדער איינער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון יורמס אַפּוטרופּסות. עס איז געוואָרן אַזאַ טאַראַראַם, אַז יורם האָט זיך פון שלאָף איבערגעוועקט און דערזעענדיק וואָס דאָ פאַרנעמט זיך, איז ער גלײַך אַראָפּ פון בעט און דערשטוינט געפרעגט:

— ווּו קלייבט איר זיך דען?

— צו אַנדערע, גוטע און ריינע קינדער! — האָבן אַלע געענטפערט.

— פאַרוואָס? — פרעגט יורם צעטומלט.

— רדזין!.. ווײַל דו רייניקסט מיך קיינמאָל נישט, — בונטעוועט, זיך דער ראָוער.

— פּררר!.. ווײַל איבער דיר בין איך געלעגן אויף אַ שטעכנדיקער גראַבליע מיט די פיס קאַפּויער — פּראָטעסטירט דאָס פערדל.

— סקריפּ!... ווײַל דו פּוצסט אונדז קיינמאָל נישט — טאַנצן די שיך יורמען גלײַך אין פּנים אַרײַן.

— ווײַל איבער דיר בין איך שטענדיק צעקנייטשט און שמוציק! — ברוגזט זיך דאָס העמדל.

— ווײַל יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק רײַסטו מיר אָפּ די קנעפּלעך — בייזערן זיך די סאַמעטענע הייזעלעך.

— ווײַל דו האָסט מיר אויסגעריסן דאָס שער־בלאַט און די לעצטע צוויי בלעטלעך! — באַקלאָגט זיך דאָס ביכל.

יורם שטייט צעטומלט. ער וויל עפּעס זאָגן, אָבער ער פּילט ווי עפּעס שטיקט אים אין האַלדז.

— יאָ, מיר גייען צו אַנדערע, בעסערע קינדער! — רופן אַלע אויס פרייליך און דאָס פערדל און דער ראָוער נעמען רירן פון אָרט.

אין דער לעצטער רגע איז יורם צו צו דער טיר און מיט טרערן אין די אויגן צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין רייניקן דעם ראָוועך, פוצן די שיך, נישט שמוציקן דאָס העמד, נישט רײַסן קיין קנעפּלעך, נישט קרישלען די בלײַערס, נישט רײַסן קיין ביכער און זײַן אַ גוטער, אַ ריינער ייִנגל.

אַלע זײַנען גערירט געווען פון יורמס טרערן און גרייט געווען צו בלײַבן. אָבער דאָס ביכל האָט גענומען טענהן:

— אײַך איז גוט, ווײַל אײַך קאָן מען פאַרריכטן, אָבער מיר, דאַקעגן, קאָן מען נישט צוריקגעבן דאָס שער־בלאַט און נישט די לעצטע צוויי בלעטלעך.

אין צימער איז געוואָרן שטיל ווי אין אַן אויער. אַלע האָבן מיטגעפילט דעם ביכלס צער.

— הײדאַ! געפאָרן זאָל ווערן! — האָט דאָס פערדל איבער־געריסן די שטילקייט.

אַלע האָבן זיך געלאָזט צו דער טיר. אָבער דאָ האָט זיך דאָס ביכל פאַרהאַלטן און אַזוי געזאָגט צו יורמען:

— הער אויס, יורם: אויב דו וועסט צוזאָגן צו שוינען אַ יעדער זאַך, אַ יעדעס בוך — בלײַבן מיר.

יורם האָט צוגעזאָגט. און געהאַלטן וואָרט.

# רכילות פונעם אל״ף־בי״ת

— ווייסט איר, אותיות, אָדער ניין?
ווען עס זאָל קיין אַל״ף זײַן —
וואָלט מען, אויף מײַן וואָרט,
שרײַבן נישט געקאָנט קיין וואָרט,
אָט אַזוי די אַל״ף רעדט
און מיט גאווה די קעפּלער גלעט
— מממ... מעקעט מ״ם קוים אַרויס:
זע נאָר ווי דאָס האַלט זיך גרויס...
גיב נאָר, חכם, דו אַ קלער:
אַליין וואָס ביסטו און ווער?
מיט אַ קמץ, ביסטו אַ האָק,
מיט אַ פּתח — ווערסט אַ האַק...
דאָ צעבעבעט זיך די בי״ת:
הערט, רבותי, וואָס איך ווייס:
ס׳איז אַ גנב אונדזער גימ״ל!
— וואָאָאָס? — פרעגט די דלי״ד פון דרימל:
גימ״ל, גנב? — גיי שוין גיי!
ס׳וואָלט געפּאַסט דאָס פּאַר דער ה״יי...
היפּיי, האָפּיי, היפּיי, האָפּ —
דרייי מיר נישט, מײַן שוואַכן קאָפּ!
— — שאַט! לאָמיר פרעגן בײַם רב,
גיט אַ זאָג אַזוי זיך וואָ״וו...
— טאָקע... נו... מיינט די זײַע״ן
אַז מען דאַרף דאָ לאַנג נישט ברײַען
האָט צעביכיקעט זיך די חי״ת
מיט אַן אייגל צו דער טי״ת:
— ס׳איז נישקשה פון אַ קרענצל,
לאָמיר, כ׳לעבן, גיין אַ טענצל.
— אַאַאַפּטשיק! טוט די נו״ן אַ נאָס,

זאָגט אַזוי צו זאָגן דאָס:
חי״ת? — ננגע... אויך מיר אַ לײַט!
כ׳בין דאָך אומברענגען דיך גרייט:
יידיש טוט פון דיר ווײַכן,
פאַר געלעכטער צו קײַכן;
אין לשון־קודש איז דײַן אָרט,
האָסט, דעריבער, נישט קיין וואָרט.
גיט שין אַ שנעל נו״ן אין נאָז:
דאַרפסט גאָר — זאָגט זי — עסן גראָז;
חולם נאָז, ווייסטו, מאַכט: נוי,
דאַרפסט גאָר, נעבעך, קײַען שטרוי...
— כ׳בין ס׳אייבערשטע פון שטייסל
און פון די אויגן דאָס ווײַסל,
זאָגט די שי״ן מיט אַ ניגון,
וואָס טוט קינדער פאַרוויגן:
אָן מיר — איז נישטאָ קיין שלום!
— ס׳איז נאָר בלויז אַ שיינער חלום...
ענטפערט חי״ת מעשה־מומחה
און איז שטאַרק מלא שמחה,
וואָס חי״ת אין סאַמע מיטן
איז אין אַל״ף־בי״ת אַ מחותן.
— איך, איך נאָר האָב די דעה,
וואַרפט פ״יי מיט לינקער פאה,
קאָן דאָס למ״ד נישט באַשטיין
און זאָגט אַרויס גלייך אַ מיין:
האָסט אַ קליין מאָנטשיק פינטל
און דו גרייסט זיך ווי אַ הינטל;
מיטן פינטל — ביסט אַ פעפער,
אָנעם פינטל — שוואַרצער פעפער...
מאַכסט אַ פינטל — ווערט אַ קלעק,
נעם די צונג און טו אַ לעק...

ססטו געזען? — זאָגט סמ״ך בייז
זײַטיק אַזוי צו דער רי״ש:
ווי דו לעבסט — איז אַ וווּנדער,
ס׳לאַכן דאָך פון דיר קינדער:
„אַל״ף, בי״ת, גימ״ל, רי״ש,
קאָך מיר אָפּ אַ טעפּל פלייש,
נישט קיין, סך, נישט קיין ביסל,
נאָר — אַ פולע שיסל...״
פרעגט די יו״ד: נאָך אַלץ נישט מיד?
ס׳איז רכילות, ווי כ׳בין אַ ייִד!
לאָזט די טי״ת אַ הייסע טרער
און מיטן צינגל קוים אַ קער:
„אַז מ׳האָט קינדער אין די וויגן —
לאָזט מען לײַטן צופרידן...״

# אין דרוקערײַ

ווען די „קינדער־צייטונג״ איז געוואָרן אָפּגעדרוקט, איז שוין געווען שפּעטער אָוונט. דער מאַשיניסט איז אַ מידער אַוועק צו זיך אַהיים, און דער גאַנצער זאַץ איז געבליבן אין דער ראַם אויפן צילינדער־מאַשין. בלײַבנדיק אַליין האָבן די אותיות אָפּגעזיפּצט:

— אוף, ווי שווער די וואַלצן האָבן אונדז געדריקט!

— פאַרדאָס אָבער וועלן די קינדער הנאה האָבן, ווען זיי וועלן אונדז לייענען — רופט זיך אָפּ די **אַל״ף**.

— אומעטום שטופּט זי זיך די ערשטע — ברוגזט זיך **די בי״ת**.

— אַפילו אין אַל״ף־בי״ת איז זי אויך די ערשטע.

— אַוודאי די ערשטע — ענטפערט מיט גדלות די אַל״ף — ווײַל **איך** הייבט זיך אָן מיט מיר; ווײַל **אות** הייבט זיך אָן מיט מיר; ווײַל... אַזוי געפעלט מיר און — שוין!

— פאַרגעס אָבער נישט אַז **איך** שמעקט מיט עגאָיִזם; אַז **אַטאָם־באָמבע** הייבט זיך אָן מיט דיר; אַז **אוישוויץ** שרײַבט מען מיט דיר — וואַרפט זייטיק צו די **בי״ת**: ביסט, דעריבער, נישט קיין וואַזשנע יחסנטע.

— טאַקע אַזוי! — פּאַטאַקעוועט די **ה״יי**.

— ווער, ווער, אָבער דו זאָלסט גלײַכער שווײַגן — זאָגט מיט רוגזה די **גימ״ל** צו דער ה״יי — ווײַל **היטלער** שרײַבט מען מיט דיר.

— טפו, טפו! — שפּײַען אויס אַלע אותיות — אַ חרפּה! מיר שעמען זיך צו שטיין מיט דיר אין אַל״ף־בי״ת.

— ב—ו—ו—ו איך בין טאַקע פאַרשעמט, אָבער... מיט מיר שרייבט מען אויך **היינע** און **הערצל** און...

— מאַך נישט קיין אָנשטעל — רײַסט איבער די **דלי״ת** ווײַל דײַן חטא ציט זיך נישט פון הײַנט. וואַרט נאָר... און **המן** מיט וואָס פאַרא אות הייבט זיך אָן?

— ב—ו—ו—ו — האָט זיך די **ה״יי** אויפּסנײַ צעוויינט און זיך באַגאָסן מיט גרויסע טרערן ווי באָב, אַז מען האָט שיִער נישט דערקענט צי ס׳איז אַ ה״יי, אָדער אַ **חי״ת.**

— כ׳האָב נישט ליב קיין פאַלשע טרערן — שטעכעלירט די **טי״ת** און גלײַכט־אויס דאָס פאַרבויגענע שטריכעלע, ווי זי זאָל זיך גרייטן אַ שטאָך טון דער **ה״יי.**

— דו אויך? דו, וואַרט נאָר... מיט וואָס פּאַרא אות הייבט זיך אָן **טרעבלינקע... טערעזינשטאַט...**

די **טי״ת** האָט צוריק פאַרבויגן דאָס שטריכעלע און טיפער אַראָפּגעלאָזן איר קליין קעפּעלע.

דערהערנדיק דאָס, האָט די **מע״ם** נאָך מערער זיך אײַנגע־קאָרטשעט ווי זי איז, און אַוועק אויפן איינציקן דינעם פיסל צום ווינקל־צו און געשוויגן. זי ווייסט איר חטא — זיפּצט זי שטיל:

**מאַידאַנעק... מאַטהאַוזען...**

זעענדיק אויף וואָס דאָ גרייט זיך, האָט די **יו״ד** געלאָסן געזאָגט: אַז מען זאָל וועלן, קאָן מען אויך פאָרוואַרפן דער **בי״ת** — **בירקענאו... באָן־לאַ־ראָלאָן,** דער **גימ״ל** — **געטאָ... געסטאַפּאָ... גאַז־קאַמערן...** דער **דל״ד** — **דראַנסי...** דער **פ״יי** — **פּיטיוויע...** און אַזוי יעדן אות. נאָר וואָס? אין דעם זענען שולדיק היטלער און זײַנע מיטהעלפער. אָבער אויך די גאַנצע וועלט האָט גוט געוווּסט וואָס ס׳ווערט געטון מיטן יִדישן פאָלק און — זיי האָבן געשוויגן. זיי אַלע זענען, בכן, שולדיק!

אָבער מיר יִדישע אותיות? — אַלע, אַלע זענען מיר הייליקע יִדישע אותיות.



און מיינט איר, אַז מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט? — ניין! אַ גאַנצע נאַכט האָבן די אותיות געפירט וויכּוחים, געזוכט אַ זין, אַ באַשייד פון דעם אַלעם, ביז... ביז די אַרבעטער פון דער דרוקערײַ זענען אינדערפרי געקומען צו דער אַרבעט.

ס׳ערשטע האָט דער אָפּוואַרפער אָפּגעוואָרפן דעם האַנט־זאַץ:

קעפּלער, אונטערליניעס און ספּאַצן — יעדעס שטיקל מעטאַל, אין זײַן באַשטימט קעסטעלע אין דער קאַשטע. פּאַרטיק געוואָרן, האָט ער די בלײַערנע שורות אַרײַנגעוואָרפן אינעם קאָבעדיקן שמעלץ־אײַוועלע און — אויס!

ס׳איז אָבער נישט אויס. דאָ הייבט זיך ערשט אָן די מעשה:

אַרײַנפּאַלנדיק אינעם קאָבעדיקן אײַוועלע, האָבן די אותיות דערפילט אַ שטאַרקן ברען, ווי זיי וואָלטן אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ גלי̇ענדיקער רייף. אָבער ביסלעכווײַז האָט דער קלעם נאָכ־געלאָזן, געוואָרן לויזער און זיי האָבן דערפילט, אַז זיי ווערן צעשמאָלצן אין אַ שיטערער מאַסע.

דער שרייבער פון דעם מעשהלע, וואָס איז אַן אָפטער גאַסט אין דער דרוקערײַ און פאַרשטייט גוט די שפּראַך פון בלײַ, האָט נאָך באַוויזן אויפצוכאַפּן דעם לעצטן געראַנגל פון די צעשמאָל־צענע שורות בוללל־בולל־ב...

און ווידער האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע וואָס נעכטן: דער לינאָטיפּיסט האָט די הייסע מאַסע אויסגעזעצט נאָכן כּתב־יד, וואָס איז געלעגן פאַר אים, אין גלײַכע שורות — לויט אַן אײַנ־געשטעלטער מאָס. דאַן האָט דער מעטראַנפּאַזשניק אַרויפגענומען זיי אויפן טיש — די שורות זענען שוין געווען אָפּגעקילט — צונויפ־געשטעלט די מעשהלעך באַזונדער, די לידער באַזונדער, דאָס זעלבע די וויצן און שפּילערײַען; אַרײַנגעשטעלט די קלישעס, נומערירט די זײַטן, צונויפגעבונדן אין פאָרמעס און געמאַכט אָפּצוגן פאַרן קאָרעקטאָר, וואָס האָט אויסגעבעסערט די גרײַזן. ערשט דאַן האָט דער מאַשיניסט אײַנגעשלאָסן לויטן סדר די פאָרמעס אין אַ אײַזער־נער ראַם, און געלאָזן די מאַשין אין גאַנג.



אויפגעכאַפּט האָבן זיך די שורות, ווען זיי זענען שוין געלעגן אויפן צילינדער־מאַשין. ס׳ערשטע האָט די אַל״ף — ווי איר שטייגער איז — גענומען זיך אַרומקוקן אין ביידע זײַטן, כּדי צו זען ווער ס׳זענען אירע פרישע שכנים, און ווען זי האָט פון דער רעכטער זײַט

דערזען די **טי״ת**, האָט זי האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף לינקס — ווײַזט אויס, זי האָט נאָך געדענקט דעם באַנאַכטיקן שמועס — און דערזעענדיק דעם **זי״ן**, פרעגט זי מיט אַ ביסעלע חוזק:

— נו, ווי פילסטו זיך ר׳ **זי״ן**, נאָך דער הייסער באָד?

— שווײַג בעסער דו הײַל־היטלער! — ענטפערט די **זי״ן**.

— וואָ—אָ—אָ—ס? אַ **ה״יי** בין איך? אַ...

— בעעע... — בלעזלט די **בי״ת** אַרויס אַ צונג פאַרן דער **ה״יי** (אויך די **בי״ת** מיינט, מסתמא, אַז זי איז נאָך אַ **בי״ת**. צום סוף האָט דער לינאָטיפּיסט זי אויסגעגאָסן אין אַ **נו״ן**).

— וואָס זאָל דאָס זײַן? — טראַכט שטיל אין זיך די **לאַנגע נו״ן** — עפּעס פיל איך זיך לענגער ווי איך בין געווען. און באַלד פרעגט זי די שכנטע:

— ווי זע איך עפּעס אויס?

— נישקשה, ווי אַ **שי״ן** דאַרף אויסזען.

— וואָס רעדסטו? איך בין דאָך אַ **לאַנגע נו״ן**!

— פּלאַפּל בעסער נישט קיין נאַרעשקייטן.

די **גימ״ל** וואָס האָט מיטן פּיסל געפּרוווט שטעלן אַ טריט און געזען, אַז זי איז צוריק אַ **גימ״ל**, האָט באַקומען מער מוט און געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער שורה, אָבער, וויי: ווי קום איך אין אַזאַ שלעכטע פּראָזע־שורה? אָט, בין איך דאָך ערשט נעכטן געווען אין אַ קינסטלערישע שורה פון אַ גרויסן דיכטער. ניין, איך באַשטיי נישט.

דערהערנדיק די טענה פון דער **גימ״ל**, האָבן אַלע אותיות זיך צעבונטעוועט — זיי באַשטייען נישט.

זעענדיק אויף וואָס דאָ פאַרנעמט זיך, האָט די **יו״ד** אַזוי געזאָגט: ערשטנס, קאָנט איר זיך געפינען אין קומענדיקן נומער אין שיינע, קינסטלערישע שורות, און צווייטנס, דאַרפט איר וויסן, אַז ס׳איז בעסער צו געפינען זיך אין אַ שלעכטער שורה, איידער אויס־געגאָסן ווערן אויף קוילן צום שיסן...

אַלע אותיות האָבן פּאַטאַקעוועט צום **יוד׳ס** אויספיר.

# אַ שוסטער מיטן קאָפּ פון אַ מיניסטער

אין דעם שטעטל קאַפּצנשאָק
ווו פון דעכער עסט דער באָק
האָט געלעבט אַ ייִד, אַ שוסטער
מיט אַ קאָפּ ווי אַ מיניסטער.
מאַכט ער שיך און לייגט אַ זויל
נאָר צו עסן? — ביז צום מויל...

איינמאָל זאָגט צו אים זײַן ווײַב
הער מיך אויסעט משה־לייב:
שווער, כּסדר, לײַדן הונגער
נאָך דערצו — מען ווערט נישט ייִנגער...
כ׳מיין: דאַרפסט זיך גלײַך באַמיִען
אין אַ גרויסער שטאָט זיך ציִען;
ווען דו זאָלסט מיך וועלן הערן —
קאָנסטו כאָטש אַ דאָקטער ווערן.

— איך אַ דאָקטער? — שטוינט דער שוסטער
מיטן קאָפּ ווי אַ מיניסטער;
ס׳וועט דאָך קיינער מיר נישט גלייבן —
כ׳קען דאָך קיין רעצעפּטן שרײַבן.

— רעצעפּטן שרײַבן אויך אַ זאַך?
מען דאַרף דאָ קענען נישט קיין סך,
קראַנק געוועזן אויף אַלע קרענקען
דאַרפסט, דעריבער, גוט געדענקען
און נאָר ווייסן וואָס צו זאָגן —
וואָס צום בויך און וואָס צום מאָגן.
טראַכט ער נאָך איר יעדעס וואָרט

און פֿאַרקויפֿט אַלץ אויפֿן אָרט:
פֿאַרקויפֿט דעם וואַקס מיטן אָל,
טשוועקלער, האַמער און דעם שטאָל
און עס טוט אים גאָרנישט באַנג
ראַשפּאַל, קלייסטער און די צוואַנג,
אויך דעם שוסטער־סענטימעטער.
און — געקויפֿט אַ טערמאָמעטער
מיט אַ טרײַבל צו די אויערן
ווי עס האָבן די דאָקטוירים.
כאָטש דאָס שטעטל אים אַ שאָד —
גלײַך אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט
און אַ שילד אַרויסגעשטעלט
(ווי עס פּירט זיך אויף דער וועלט)
„דאָ וווינט דאָקטער פֿעליקס גרין
אַ פּראָפֿעסאָר פֿון מעדיצין".

באַלד געוואָרן אַ געגיי
צום פּראָפֿעסאָר לויט אַ ריי:
קומט אַ בחור זיך באַקלאָגן,
אַז ער לײַדט שוין לאַנג אויפֿן מאָגן,
ווי אַ דאָקטער — שוין געוועזן
און קיין בעסערונג צו זען.

לאַנג באַטראַכט האָט „פּראָפֿעסאָר"
און געזאָגט: ס'וועט ווערן בעסער!
אין אָוונט נעמען מעטאַמוציל
צוזאַם מיט לאַקסאַטיוו אַ פּיל,
אויך איז גוט צום אַפּעטיט
אײַנצונעמען סטראָפּטאָציט,
און דער עיקר: נישט פֿאַרגעס
צום בויך אַ הייסן קאָמפּרעס.

גוט באַדאַנקט און גוט באַצאָלט
קומט אַ צווייטער און ער מאָלט:
ס׳טוט דער קאָפּ אים זייער ווײ
און פון צײַט צו צײַט אַ דרײ
פילט ער אָט, אָ, דאָ אין זײַט —
אין די קישקעס אויך אים דרייט.

נעמט פּראָפעסאָר דעם שטערן רײַבן,
און אַזאַ רעצעפּט פאַרשרײַבן:
צו די קישקעס אַ לעפל ריצין
און צום קאָפּ אַן אָפּטאַלגין
צו דער זײַט — אַלגאָליזין
קעגן בלוט־דרוק — דעראַלין.

קומט אַ דריטער — ברוין און שוואַרץ —
אַז ער לײַדט שוין לאַנג אויפן האַרץ;
חוץ דעם טוט אים ווײ אַ ברוסט
און דערצו נאָך — אַ שטאַרקן הוסט.

נעמט פּראָפעסאָר דעם שטערן רײַבן
און אַזאַ רעצעפּט פאַרשרײַבן:
נעמען פאַרטאָ קאַרדאָקסין
דרײַ מאָל אין טאָג מיט כינידין,
צום הוסט איז גוט קאָדעין
אויסגעמישט מיט קאָפעין,
אַ קאָמפּרעס פון רײנער מיאַטע
זאָל ער לייגן צו דער פּיאַטע.

קומט אַ פערטער נאָך זייער יונג
ס׳טוט אים ווײ די לעבער און צונג;
אויך די נערוון בײַ אים נישט גוט

אוּן שטאַרק געדיכט בײַ אים איז די בלוט.
ערשט די פיס — גאָר געשוואָלן
אויך די אָדערן אָנגעדראָלן.

נעמט פּראָפעסאָר דעם שטערן רײַבן
אוּן אַזאַ רעצעפּט פאַרשרײַבן:
קאַמילין־טיי אַ האַלבע גלאָז,
אײַנרײַבן מיט וויקס די נאָז,
אוּן קעגן נערוון דעפּאַקין,
אָדער וואַבען האָט אויך אַ זין,
קעגן געשווילעכץ — קאַלאָריל
ס׳בלוט מאַכט שיטער בופאַציל,
פוסיד, סלאָווק. — ווער ס׳וויל.
צוואָנציק טראָפּן וואַלעריאַנע
אוּן דערצו אַ מאַרצעפּאַנע,
אוּן צום צונג לעת־עתה
ריינע אַקוואַ־דעסטילאַטע.

קומט אַ חולה גאָר מסוכּן
ס׳טוט בײַם לעפל אים שטאַרק דריקן,
אויך דער רעוומאַ זאָגט אים אָן
יעדן וועטער וואָס קומט אָן;
אוּן כאָטש ער איז נאָך גאָרנישט אַלט —
ווערט אים שטענדיק הייס און קאַלט.

נעמט פּראָפעסאָר דעם שטערן רײַבן
אוּן אַזאַ רעצעפּט פאַרשרײַבן:
אַ האַלב גלאָז פּאַראַפין
אויסגעמישט מיט גליצערין;
עטוואָס פּיאָלון אויף שפּיץ גאָפּל
זאָל ער לייגן צו צום נאָפּל,

די בעסטע תרופה פּעניברין
אויף רײנעם האָניק פון אַ בין,
סאָדע, בראָם — אויך נישט שלעכט
באַנקעס שטעלן — זײער רעכט.

קומט אַ קראַנקער שטאַרק פאַרטראַכט —
ס׳נעמט קײן שלאָף אים נישט בײַנאַכט.
אויך דער קאָפּ טוט אים שטאַרק װײ —
חוץ דעם איז ער אינגאַנצן פאַרבײ.

נעמט פּראָפעסאָר דעם שטערן רײַבן
און אַזאַ רעצעפּט פאַרשרײַבן:
אַקאָמאָל אויף צען בראָנפן־טראָפּן
אויפגעקאָכט אויף עטװאָס ביר־האָפּן
נונבאָן גוט פאַר יעדן פאַל
אין רעזערװ — אַסיװאַל.
זאָל ער קײנמאָל זײַן אין כּעס —
װעט אַװעק פון אים ס׳חולאת.
אָט אַזוי האָט משה־לײב
— װאָס געפּאָלגט האָט זײַן װײַב
פאַרשריבן אַלץ װאָס געדענקט
װען ער אַלײן האָט געקרענקט.
— — — — — — — — — — —
איז זײַן רום געװאַקסן ברײט
און אַ װערטל ט׳זיך פאַרשפּרײט:
זײַנע װוּנדער נישט צו צײלן —
אַ יעדער קרענק קען ער הײלן.
ס׳איז אַ מלאך, נישט קײן מענטש —
ער זאָל געזונט זײַן און געבענטשט.

# אַ מעשׂה מיט לייבן

אויב איר ווילט מיר, קינדער, גלייבן
אַט די מעשׂה מיט די לייבן —
וועל איך אײַך דאָס אַלץ באַשרײַבן:

ס׳האָט דער מלך, שטאַרקער לייב,
געזאָגט איינמאָל צו זײַן ווײַב
אַט אַזוי אָן איבערטרײַב:

איבער חיות כ׳בין דער שׂר
זײַ זשע, ווײַבל, נישט קיין נאַר,
מאַך אַ באַל ווי ס׳פּאַסט אַ האַר!

דאָס די לייביכע דערהערט
האָט זי לאַנג נישט נאָכגעקלערט
און איר ברום האָט זיך געהערט:

אַלע חיות פונעם וואַלד
זאָלן קומען תּיכּף, באַלד!
אויפֿן באַל פּאַר יונג און אַלט.

זענען אַלע געסט געקומען
מיט געפּילדער, מיט אַ ברומען
אַזש דער וואַלד געגומען זשומען.

צו דער סעודה גלײַך געגרייט
נ׳גענומען פּרעסן צעזעצטערהייט
ווי עס פּאַסט אַזוינע לײַט.

ערשט די גראַציעזע פרינצעסין —
רק געזויפט און רק געפרעסן
ביז דעם נאָמען האָט פאַרגעסן.

אויף דער העלפאַנט, הויכער ריז,
זיך געוואַקלט זייער מיאוס
אויף די גראָבע קלעצער־פיס.

נאָר דער פוקס, דער אייביק־כיטרער
וואָס אַליין געבליבן ניכטער
לאַכט אין פויסטן און אַט זאָגט ער:

הערט, רבותי, ליבע חיות —
גענוג די נאַרישע הוויות!
כ׳האָב פאַר אײַך אַ וויכטיק נײַעס:

ס׳האָט דאָס קליינע קעצל־קאָטער
וואָס איז שוואַרץ ווי אַ טאָטער
זיך פאַרליבט אין פיפערנאָטער;

און דאָס גרויע פלינקע העזל
מיטן קורצן נאָסן נעזל
שדכנט זיך צו בלעמס אייזל;

אויף דער רוישער, פיצל גריל
ווייסט שוין גאַרנישט וואָס ער וויל
איז פאַרליבט אין קראָקאָדיל.

ווי די חיות דאָס דערהערט —
אַלע גלעזער אַרײַנגעקערט
און געברומט: מסתם באַשערט...

האָט אַ ברום פֿון קעניג לייב
זיך צעטראָגן איבער ווײַט:
זאָל אַ בערן־טאַנץ זײַן גרייט!

האָט דער גרויסער, ברוינער בער
מיט זײַן קערפּער גראָב און שווער
געטאַנצט אַהין, געטאַנצט אַהער.

באַלד גענומען קיטעק־קעצל
מיטן צינגל ווי אַ לעצל
פֿויקן אין אַ בלעכן טעצל.

וואָיעט וואָלף: הו... הו... הו...
ברומט דער בער: בו... בו... בו...
סיקעט שלאַנג: סו... סו... סו...

פֿאַנטערס, היִענעס און די בערן
מיט געבריל געלאָזט זיך הערן
אַז געקאָנט אַ טויבער ווערן.

און דער ביבער גאָרנישט שווער
(וואָס איז נישט אַ ליאַדע ווער)
האָט פֿאַר פֿרייד געלאָזט אַ טרער.

דאָ דער נאָזהאָרן מיט זײַן נאָז
האָט געבלאָזן ווי אויף גראָז
מחמת ברייטער באַלעבאָס...

פֿון דער פֿלוידערין, פּאַפּוגע
הערט אַן איינפֿאַל, אַ השׂגה:
טאַנצן וויל גאָר בוגע־ווּגע.

קלוגע סאָווע זאָגט צום גײער:
גלײב מיר, ס׳איז נישט װערט קײן צװײער
לאָמיר בעסער גײן אַ שטײער *

אָפּגעזונדערט פון געזעמל
שטײט װיזלטיר מיטן קעמל
ביז װאָס־װען — געכאַפּט אַ דרעמל.

מאַלפּע שפּרינגט פון בױם צו בױם
װײנט און לאַכט מיט גרינעם שױם
אַז מען האָט דערקענט איר קױם...

צוגעבױגן קאָפּ צו קאָפּ
שטײט פּאַנטערע מיט אַנטילאָפּ
און זײ האָפּקען האָפּ... האָפּ... האָפּ...

נאָר דער װאָלף מיטן שעפּסל
האָבן גאָר פאַרלױרן ס׳מעסטל —
און געשניאַשקעט אַ פּײַן שנעפּסל...

דאָ דער מיאוסער מאַרדער, טכױר
װאָס הערט זיך צו מיט אײן אױער
שטעלט זיך מיט די פּיס קאַפּױער.

װעװוריק, זשוקל און די גריל
טאַנצן מיט דעם קראָקאָדיל
אַט, אַזױ — װי אײנער װיל.

---

* אַ פּױלישער כאַראַקטער־טאַנץ.

נאָר דער ווײַס־געשטרײַפטער טיגער
וואָס איז גאָר אַ גרויסער קריגער
דרייט אַרום זיך וו'אַ נישט היגער...

קאַנגור אויף די קורצע פיסלעך
האָפּסלט גאָר אַליין צו ביסלעך
נ'כאַפּט אין שפּרונג העזלס ניסלעך.

מינק צו מאַרדער אַ ווונק אַזאַ
לאָמיר פאַרבעטן אַראַרא
פריילעך טאַנצן טשאַ־טשאַ־טשאַ.

קלוגער אייזל טראַכט און טראַכט:
ס'וואָלט, כ'לעבן, נישט געשאַדט
שפּרינגען דיסקאָ מיטן צאַפּ.

אויף דער פלאַכער גרויער קרעט
פאַרקראָכן פויזן העט, העט, העט —
אַ ראָקנ'ראָל — שוין גאָרנישט נעט...

באָטאַשן, ווראנע, קיווּיסיאַק
בושל, קאַניע מיט איזשאַק —
פּאָלקע־מאַזורקע מיטן קנאַק.

טשאַפּליע, וואַכטל, קאַמעליאָן
וואָס בײַט די פאַרב לויטן טאָן
היפּפּי־האָפּפּי — אַ טשאַרלסטאָן.

פלינקער הירש איז צו צום קרעט
מיט אַ קניקסל וו'אַ פּאַצעט
טאַנצן סאַמבאַ זיך פאַרוועט.

ווילדער חזיר מיטן באָק
קאָרשון מיטן פּיסקליענאָק
האָפּקען גאָר אַ קאָזאַטשאָק.

שטיגליץ, טרילער, מאַלינאַווקע,
שפּערל, סאָווע און קוקאַווקע —
האָראַ טאַנצן ווילן דווקא.

שוואלב, קאַנאַריק און די ראַבע
לאַסטעווקע, בושל און די פּאַווע
פליִען סתּם אַבע... אַבע...

אויף די שלאַנג, די בייזע שלאַנג
מיטן עק — אַ מעטער לאַנג
קריכט אַרום זיך שלינג־און־שלאַנג...

פּיקהאָלץ כאַפּט אַרום די קראָ
לאַמיר אויכעט ביידע דאָ
פּיקן... קראַקען... אַ גאַנצע שעה.

קאָן דער וואַלד מער נישט שווײַגן.
שאָקלען ביימער זייערע צווײַגן
הין און קריק צום טאַקט זיי בייגן.

— — — — — — — — — —

נישט געהערט מער קיין שאָרך, קיין ביל
אַפילו נישט דעם רוישער־גריל —
אין וואַלד געוואָרן שאַ און שטיל.

# מחמת שׂררה

קומט דער ערשטער מחמת שׂררה
שפּילט אויף קליאַמקע וו׳אַ באַנדורע
שפּילט און שפּילט אַ האַלבע נאַכט
**דאָס** האָט ער אַליין פאַרטראַכט: —
ווייל געפעלן איז דער מיין —
בעסער קאָן דאָך גאָרנישט זײַן.
די קאַראַפּקע האָט מיט זשעסט
זיך פאַרנייגט פאַר אַלע געסט,
נ׳באַלד געגומען גלעזלעך גיסן
און געבעטן צו געניסן
פונעם שענסטן און פון בעסטן
פון דעם קלענסטן ביזן גרעסטן;
איינמאָל זאָל כאָטש זײַן פריילעך
ווי מען זאָגט: כּיד המלך!

צוגעכאַפּט זיך ווי שיכּורים
אויף אַ גרויסן באַל אין פּורים;
אָנגעהויבן יעדער איינער
קײַען, רײַבן, אויף די ציינער
ווי אַ מיל מיט ביידע באַקן —
אַזש געגומען טרישטשען, קנאַקן.
דאָ אַ טרונק און דאָ — אַן עס
און, חלילה, נישט פאַרגעס
צו פאַרזוכן אַלע מינים
ווי געניטע, ווי מבינים.
אויסגעליידיקט אַלע גלעזער
און באַקומען רויטע נעזער
פון דעם אָקעוויט און ווײַן
וואָס איז גוט אין קאָפּ אַרײַן.

אַז „נכנס יין יצא סוד״ —
ווייסט אַפילו גאַנץ בראָד.
נעמט מען חוזקן און לאַכן
און דערציילן מאָדנע זאַכן
פון זייערע באַלעבאַטים גראָד
אָבער דאָס — בלײַבט אַ סוד...

דאָ, דער בלאַנקער סאַמאָוואַר
וואָס איז נישט דער גאַנצער נאַר,
זאָגט אַזוי צום טשײַניקל: —
הער מיך אויס מײַן אייניקל
ווייסט דאָך „אַז מען איז נישט פויל,
האָט מען צו נעמען וואָס אין מויל״
זיי אַ בריה: איינס און צוויי —
זאָל פּאַר יעדן שטיין אַ טיי,
מיט אַ שטיקעלע ציטרין
זעסט דאָך ווי זיי זענען גרין...
— גאָרנישט קרום, טוט באַרשט אַ ווונק.
ס׳וואָלט נישט שאַטן טיי אַ שלונג.
— טאַקע... טאַקע... זאָגט קאַלאַש
מיט אַ שמייכל צום צוקער־קליאַש
און געכאַפּט זיך צו צום בעקן
פון אַ שטיקל פלאָדן לעקן...
קאָן דאָס בעזעם נישט פאַרלײַדן
און אַוודאי נישט פאַרשווײַגן:
— היי, דו חוצפּהניאַק, קאַלאַש
ווי קומסטו צום צוקער־קליאַש?
ס׳איז אַ חוצפּה, אויף מײַן וואָרט —
בלויז אין בלאָטע איז דײַן אָרט!
— טע... טע... טע... ס׳אַראַ ווענז,
שטעלט דאָס מיט זיך פאָר בעזעם?...

ווו אַ מיסט נאָר קערט ער אויס
און, שטיינסגעזאָגט, האַלט זיך גרויס...
אָבער, אָן מיר, נישט דערוועגן
וועט מאַדאַם, אויף אַ רעגן
אָן קאַלאָשן גיין אין גאַס,
ווען אינדרויסן עטוואָס נאַס.
— אַזוי גאָר? גאָרנישט געוווּסט
סאַראַ וואַזשנער יחסן ביסט...
ביסט אַ בטלן אויף נאמנות
ס׳איז אויף דיר אַ רחמנות:
מעג עס זײַן אין גרעסטן כליאָפּ —
קריכסט אין בלאָטעס טשלאָפּ און טשלאָפּ!

דאָ דער שירעם חוזקט פון זײַט
און באַווײַזן איז ער גרייט
אַז אַלע אונטערן רעגן
האַלטן שירעם וו׳אַ פאַרמעגן.
בלויז דער בליץ־לאָמפּ, דער באַשײַנער
זעט אַז ניכטער איז דאָ קיינער
זאָגט: אַלע זײַט איר בלויז פּרײַער
און צומאָל נישט ווערט קיין דרײַער.
— גיט אַ זאָג מיט כּעס די פאַן:
יעדער מיינט: ער איז אַ פאַן...
און דאָס לאָקשנבערעט מיט שטאָלץ
האָט פאַרבעטן וואַלגערהאָלץ;
און פאַר ריבאייזן — דער כריין
קאָן קיין בעסער פּאָרל זיין;
האָט די שיסל אין גאַלאָפּ
טיף פאַרנויגט זיך פאַרן טאָפּ;
לאַנגער האָלץ מיט גאַנצן קנאַק
האָט פאַרבעטן שאַרפער האַק...

און דער לײכטער פּאָר בשׂמים־ביקסל
האָט פֿאַרנײגט זיך מיט אַ קניקסל;
קוגל־שאַרבן האָט מיט חן
געלאָזט צום טשאָלנט־טאָפּ זיך גײן.
האָט קאַלאָש דער פּאַראַסאָלקע
טאַנצן פֿאָרגעלײגט אַ פּאָלקע,
נאָר דער שליסל מיטן ר'ענצל
רק געוואָלט אַ מצווה־טענצל.
דאַן געמאַכט אַ גרויסן ראָד
און געלאָזט זיך קאַראַהאָד:
מערזער, שטײסל: טידל־טידל
אַז געדאַכט זיך: ס'איז אַ פידל;
און דער גרויסער הוילער פּאַס
האָט געטרובעט ווי אַ באַס.
און דאָס מעסער זײער שאַרף
האָט געקלונגען ווי אַ האַרף;
פּיאַנע־קלאַפּער מאַכט אַ וואַרע
און ער צימבלט וו'אַ גיטאַרע;
איז אַלץ געוואָרן שאַ און שטיל
בלויז געהערט האָט זיך די גריל:
זאָל אַ יעדער ווער עס וויל
גײן אַ טענצל אויפֿן דיל.
איז דאָס יעדן וויל געפֿעלן
און גענומען אַלץ צעשטעלן:
ס'ערשטע האָט די לאַנגע באַנק
צוגערוקט זיך צו דער שאַנק
און דאָס ברעט פֿון פֿלײש און פֿיש
אַרויפֿגעטאַנצט אויפֿן טיש,
און דער זאַק — פֿלוידער־זאַק
האָט גענומען האַק און פּאַק
אין אַ ווינקל זיך געשטעלט

קיינער זאָל נישט זײַן געקוועלט.
דאַן די טאַץ מיט עלעגאַנץ
ט׳פאַרבעטן גלאָז צום טאַנץ;
און דאָס פּרעסאײַזן האָט דײַקע
שפּילן ליב אויף באַלאַלײַקע
און פון זײַט די פלייש־מאַשינקע
האָט געדרייט ווי אַ קאַטאַרינקע;
אויך אויף בעזעם קומט זײַן צײַט
שפּילט אויף שליסל ווי אַ פליים,
און דער קליינער וואַסער־קראַן
נאָכגעמאַכט אַ פּאַרטעפּיאַן;
אויך די ווײַסע גלאַטע ווענט —
צוגעפּליעסקעט ווי מיט הענט,
דאַן דער גאָפּל זיך געווענדט,
אַז ער זײַן קאָן דיריגענט.
גייט אַ טענצל, גייט און גייט
אין דער לענג און אין דער ברייט,
איך מיט זיי האָב גוט פאַרבראַכט
אָפּגעטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט
ביז... דער האָן געטון אַ קריי —
אַלץ פאַרשוווּנדן — אַלץ פאַרבײַ.

## אַ שמועס צווישן בריוו

ביַי אַ גרענעץ ערגעץ־ווו
בריוו פון דאָרטן און פון דאָ
זיך געטראָפן אויף אַ פּאָסט
און אַ שמועס ט׳זיך צעלאָזט:

— דו, פון וואַנען? דו, וווהין?
— פאַרוואָס דו בלוי? און דו — גרין?
אָט אַזוי דער שמועס זיך גייט
יעדער רימט זיַין ייִחוס־קייט:

— איך, זעט איר, פאָר מיט דער באַן.
— און איך מיט אַן עראָפּלאַן!
— און איך שווים מיט אַ שיף
אויפן ים, וואָס ברייט און טיף.

— איך — איבער העכסטע בערג
אַפילו ווו ס׳לעבט רויטער טערק;
בריוו האָבן אַלע ברירות —
אַפילו נאָך בוענאָס־איירעס.

— ווער מיר קאָנסול? וואָס מיר קוואָטע?
אַלץ, זאָג איך: הוילע בלאָטע!
בלויז אַ מאַרקע אָנקלעפּן
און באַלד מיר נעמען שוועבן:

אָן אַ פּאַס, אָן אַ וויזיע
פֿאָר איך מיר נאָך קירגיזיע,
ווו נאָן איז דער טײַטש: ברויט
און קיזל בײַ זיי איז רויט.
יאָק בײַ זיי איז טײַטש: ניין
און קעטי מיינט פּשוט: גיין.
דאָ דערציילן כ׳קאָן מערער
(בין געווען דאָרט אַ לערער),

— און איך צו די כינעזער
מיט אַזעלכע ברייטע נעזער,
ס׳וואַקסן דאָרט מאַנדלען זיס
און טראָגן קליידער ביז סוף פּיס.

— און מיך פֿירט אַן עראָפּלאַן
אין דער מדינה יאַפּאַן —
זייערע האַלב־פֿאַרמאַכטע אויגן —
גרייכן ווײַט ווי פֿײַל פֿון בויגן.

— איך — נאָך אינדיע און באָמביי
ווו פֿאַקירן איינס־צוויי־דרײַ:
כּישוף־שטעקל הין און הער —
ווערט פֿון פֿליג אַ גרויסער בער.

— און איך, אָט, איבער ים׳ען
פֿלי צו אַ ייִדישער מאַמען,
וואָס זיך קושט אַ יעדעס מאָל
איר זונס בריוול פֿון ישׂראל.



דאָ אַריבער זיך באַווײַזן
וועלכער בריוו איז אַן גרײַזן:

— זעט: געציקלט יעדעס אות,
ווי געפורעמט פון אַ גאָס,
צו באַווײַזן זיך פאַר מענטשן —
ס׳וועט בריווטרעגער מיך בענטשן!

— יעדעס אות בײַ דיר איז קרום
ווי די פיסלעך פון אַ שפּין;
נישט צו לייענען קיין וואָרט,
וואָס געשריבן ס׳איז דאָרט.
אין אַ ווינקל דאָרט צולעצט
אַ קאָנווערט צעקנייטשט, פאַרפעצט
וויל עפענען אויך זײַן מויל,
אָבער... ווער הערט דעם זײַן קול?

ליגט ער זיך אַזוי פאַרשעמט,
אַזש בײַם האַרצן עס פאַרקלעמט.
און יעדער בריוו — וויי און אַך —
וואַרפט אים זײַטיק צו אַ שטאָך.

אָט אַזוי, ערנסט און טיף
שמועסן צווישן זיך בריוו.
נאָר וואָס אין די בריוו — דאָס אַ סוד
פאַר אונדז און פאַר גאַנץ בראָד.

# אַלץ האָט אַ גרענעץ

טרײַבן קאַטאָוועסן, אָפּטאָן שפּיצלעך, איבערקרימען יענעמען — אויף דעם איז ראַמי (רמי) אַ מאדים.

צומאָל זײַנען עס שפּאַסן, אַז מ׳קאָן קײַכן פון געלעכטער, אָבער ניט אַלע מאָל לוינט עס אים. פאַרקערט: אַ סך מאָל קומט אים אויס צו לײַדן צוליב פרעמדע שפּיצלעך, ווײַל ווי עפּעס — ראַמי.

אָט, אַנומלט, אין מיטן אַ לעקציע — קיץ! — אַ קאַץ אין קלאַס און — דער גאַנצער קלאַס גייט אויף רעדער.

ווער ס׳האָט געבראַכט די קאַץ? — איר האָט ניט געטראָפן. איך זע, אַז איר האַלט שוין אַן אויג אויף ראַמין. אויך דער לערער האָט אַזוי געמיינט און אים, ראַמין, אַהיימגעשיקט אויף צוויי טעג. אַזאַ נאָמען האָט ער זיך געמאַכט.

אויסרעכענען אַלע זײַנע שטיפערײַען, וואָלט קיין פּאַפּיר ניט געסטײַעט. וועגן עטלעכע וועל איך דאָ יאָ דערציילן:

ראַמי ווייסט, אַז דער זיידע זײַנער האָט אים ליב, ס׳לעבן. איין מאָל האָט ער בײַ זיך אָפּגעמאַכט איבערצושרעקן דעם זיידן. הײַנט מעג מען — ס׳איז דער ערשטער אַפּריל. ווי אַזוי? — הערט אַן אײַנפאַל: ער האָט אָפּגעפּאַרבט זײַן לינקן פוס און די לינקע האַנט מיט רויטע טינט און פון אויבן אַרומגעבונדן אַ באַנדאַזש אַזוי, אַז מען זאָל עטוואָס אַדורכזען דאָס רויטע. אין אַזאַ לאַגע איז ער אַ הינקענדיקער אַרײַן צום זיידן מיט שרעקלעכע קולות: אוי... ס׳טוט וויי...

דערזעענדיק זײַן אייניקל אין אַזאַ מעמד, האָט דער זיידע שנעל אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע עפּעס אַ ברייט פלעשל און געהייסן ראַמין אײַננעמען די רפואה.

ראַמין האָט שוין באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק און געוואָלט

אַרויספּלאַצן מיטן אמת, אָבער דער ייִדע האָט אים מיט איין האַנט אַריבערגעבויגן אויף הינטערוויַילעכץ, און מיט דער צווייטער האַנט אַרײַנגעגאָסן אים אין מויל אַרײַן די פּליסיקייט.

ראַמי האָט זיך פאַרהוסט, אויסגעשפּיגן, אָבער... וואָס איז דאָס? די מעדיצין איז עפּעס אַזוי זיס?

דער ייִדע האָט אַ קלוגן שמייכל געטאָן און געזאָגט צום אייניקל: ס'איז זיסער ווײַן. ערשטער אַפּריל.

נאָך? — טאָ הערט אַ געלענק פון אַ שטיפער:

איין מאָל האָט ער באַשטימט צו לערנען זיך טרעפן אין ציל. און אַז ראַמי באַשטימט אין פּיף־פּאַף — געטאָן. ווו? — ווו קאָן זײַן אַ בעסער אָרט פאַר אַזאַ ראַמי ווי אין די האַקעס פון די טעלעגראַפן־סלופּעס? מיט וואָס? — הע! אַ שטיין איז אַ הונט? און טאַקע באַלד: טראַך! טראַך! — אויס האַקעס.

אויף צומאָרגנס פאַלט אַרײַן צו זיי די מומע רחל אַן אָנגעד־רודלטע. וואָס איז עפּעס מיט אײַער טעלעפאָן? נעכטן געקלונגען צו אײַך עטלעכע מאָל און זיך נישט געקאָנט דערקלינגען. געהאַט פאַר אײַך אַלעמען בילעטן אין קינאָ.

ראַמי וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן שטיל, האָט מיט אַ מאָל באַקומען אַלערליי קאָלירן אויפן פּנים.

די מוטער זײַנע האָט גלײַך דערשנאַפּט, אַז איר זונדל האָט דאָס פאַרקאָכט די קאַשע — יעדע מאַמע קען דאָך גוט די גענג פון אירע קינדער — און אַזוי געזאָגט צו אים:

שטעל דיך פאָר, אַז ווען ס'ווערט ווער פּלוצעם קראַנק אין אונדזער געגנט און מ'דאַרף אַרויסרופן אַ דאָקטער, — וואָס וואָלט דעמאָלט געווען?

גענוג? — ווי! נישט ראַמי! אים קומט נאָך שטענדיק אַ רעשט.

דאָס מאָל האָט ער גענומען פאַר אַ ציל־ברעט די עלעקטרישע דראָטן און — געמאַכט אַ קורץ־שלוס. יענעם אָוונט איז די גאַנצע גאַס געווען אײַנגעהילט אין פינצטערניש.

גראָד איז אַ פרעמדער פאַרבײַ די גאַס און פאַרטשעפּעט זיך אין עפּעס. ער איז געפאַלן. אויף זײַנע הילפס־רופן זײַנען זיך

צונויפגעלאָפן די אײַנוווינער פונעם געסל און אָפּגעפירט דעם פרעמדן צום דאָקטער. דער דאָקטער האָט פעסטגעשטעלט, אַז בײַם געפאַלענעם איז צעבראָכן די רעכטע האַנט.

מילא, פירן יענעמען בײַ דער נאָז, האָבן מיר שוין געהערט. אָבער אַז ס'זאָל ווער זיך אַליין אונטערשטעלן אַ פיסל, האָט איר געהערט? איך יאָ — ראַמי. מיר וועלן דאָס באַלד הערן.

מיט איין זאַך קאָן זיך ראַמי באַווײַזן — ער איז ניט קיין נאַשער. אַזוי מיינען די שטוביקע. אָבער דעם שרײַבער פון דעם מעשׂהלע וועט ער ניט אָפּנאַרן, ווײַל ער האָט גאַנץ גוט געזען, אַז ווען קיינער אין שטוב זעט ניט, פּאַקט זיך ראַמי (רמי) אָן פולע טאַשן מיט נאַשוואַרג און מאַכט זיי פאַרטיק אויפן גאַס. איין מאָל האָט ער אָבער איבערגעפּאַקט דעם מאָגן מיט אַזוי פיל זיסוואַרג, אַז ער האָט באַקומען שרעקלעכע בויך־ווייטיקן. ער איז געווען פאַרבײַ. דער דאָקטער איז געקומען, פאַרשריבן אַ רעצעפּט און ראַמי האָט גאַנצע אַכט טעג געמוזט ליגן אין בעט.

און ווייסט איר, קינדער, ווען דאָס איז געווען? — חנוכּה! גראָד חנוכּה, ווען די קינדער גייען ניט אין שול, שפּילן אין דריידל, עסן לאַטקעס — ס'איז פריילעך!

די חברים זײַנע האָבן ניט געהאַט קיין נקמה אין אים. אַפילו זיך ניט געריצט מיט זייער חבר. פאַרקערט: זיי זײַנען געקומען אים באַזוכן און נאָך דערציילט אים וועגן דער חנוכּה־פאַרשטעלונג אין שול. ניט מער, פאַרן אַוועקגיין האָט אילאַן (אילן) אַ זאָג געטאָן:

אויסטראַכטן־שפּיצלעך — יאָ! אָבער ניט אַזעלכע וואָס קאָנען ברענגען שאָדן יענעמען און זיך. אַלע האָט אַ גרענעץ.

אַלע האָבן צוגעשטימט צו אילנס רייד. אויך ראַמי האָט דאָס מאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

# פאַרוואָס חודש פעברואַר האָט 28 טעג

## א.

אַמאָל, אַמאָל — אין די גאָר אַלטע צײַטן — האָט יעדער חודש געהאַט דרײַסיק טעג. געווען דעמאָלט, דערציילן אַלטע לײַט, אַ גאָלדענע צײַט: די צוועלף חדשים האָבן געלעבט צווישן זיך אין שלום, גלײַכהייט און גערעכטיקייט. און דער מענטש האָט געהאַט אַ גלײַכן און פשוטן חשבון: נישט קיין נײַן און צוואָנציק טעג, נישט קיין איין און דרײַסיק, נאָר גלײַכע דרײַסיק טעג. געווי אַזוי און תמיד אַזוי.

און דערציילן דערציילט מען, אַז די חדשים האָבן דעמאָלט געוווינט אונטער איין דאַך אין ליבשאַפט און אין פרידן אַזוי ווײַט, אַז די ווינטער־חדשים האָבן זיך געוואַרעמט בײַ זייערע ברידער, די זומער־חדשים, און אויך פאַרקערט: די זומער־חדשים זענען געקו־מען אָפּקילן זיך בײַ די ווינטער־חדשים.

האָבן זיך אָבער די צײַטן געביטן, און צוזאַמען מיט זיי האָבן זיך אויך געביטן די חדשים. די זאַך האָט זיך, ווי געוויינלעך, אָנגע־זאַפּט מיט קנאה, שׂנאה, ביז ס׳איז צווישן זיי אויסגעבראָכן אַ קריג און מ׳האָט זיך צעשיידט. יעדער איז געגאַנגען ווינען פאַר זיך — ברוגז!

## ב.

אויף צומאָרגנס, נאָכן דאָזיקן קריג, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַזאַ שלאַקס־רעגן — ממש אַ פאַרפלייצונג. אַלטע לײַט האָבן געזאָגט, אַז זינט זיי געדענקען, איז נאָך אַזאַ מבול נישט געווען.

און גראָד איז עס געווען אין טאָג ווען דער חודש פעברואַר האָט געדאַרפט — לויט דער ריי — אַרויס איבער דער וועלט.

מילא, פאַרפאַלן. לאָזט ער אַראָפּ דאָס ערשטע בלעטל פון לוח, און דער רעגן קריכט אים אין די ביינער. ס׳דויערט נישט לאַנג און ער זעט אויס ווי אַ נאַסער האָן.

— בררר... שלעכט! — טראַכט דער חודש פעברואַר. ווי גוט איז געווען ווען ער האָט זיך געקאָנט אָנוואַרעמען בײַם חודש יולי.

און דאָ שטאַרקט זיך דער רעגן: כליפּ־כליאָפּ, גלײַך דעם חודש אין האַלדז, אין די אויגן און אין די אויערן — אויסצודרייען. אויף להכעיס יאָגט נאָך אָן אַ קאַלטער ווינט וואָס שמײַסט אים איבערן פּנים ווי מיט נאַסע ריטער און רייצט זיך מיט אים:

כליפּ־כליאָפּ פעברואַר
ביסט אַ לעקיש, ביסט אַ נאַר...
כליפּ־כליאָפּ גיס און גיס —
ברוגז זײַן איז שלעכט און מיאוס.

— טאַקע שלעכט און ביטער, איז זיך מודה דער חודש מיט אַ זיפץ און ציטערט ווי אַ פיש.

אין דעם פאַלט אים אײַן אַ געדאַנק: ער וועט גיין צום שנײַדער ער זאָל אויפנייען אַ רעגן־מאַנטל. געטראַכט און געטאָן. גייט ער אַרײַן צום שנײַדער און זאָגט אים:

— שנײַדער, טײַערער, ניי מיר אויף אַ רעגן־מאַנטל אַ לאַנגן און אַ ברייטן.

— גוט, — איז מסכּים דער שנײַדער.

— אָבער שוין! איצט! דו זעסט דאָך.

— עס קאָן נישט זײַן איצט — קלערט אים אויף דער שנײַדער. אויפנייען אַ מאַנטל דאַרף דויערן צוויי טעג.

מילא, ער וועט וואַרטן. אַ ברירה האָט ער?

ג.

גייט ער אַוועק, דער חודש, און עס גיסט ווי מיט צעבערס. ער ווערט אויסגעווייקט ווי אַ הערינג און עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. און ווען ער האָט געדאַרפט אַראָפּלאָזן דאָס פערטע בלעטל פונעם לוח, איז ער גיך אַרײַן צום שנײַדער.

— פּאַרטיק דער מאַנטל ?

— פּאַרטיק !

טוט ער אָן דעם רעגן־מאַנטל — ממש אַ מחיה !

— אַ שײנעם דאַנק דיר, טײַערער שנײַדער, זאָגט דער חודש אַ צופרידענער און פאַרנעמט זיך אַרויסצוגײן פון װאַרשטאַט.

— אַ דאַנק פאַרן דאַנק — ענטפערט דער שנײַדער מיט אַ שמײכל — אָבער פאַר די צװײ טאָג אַרבעט, דאַרף מען באַצאָלן !

— באַצאָלן ? — שטאַמלט דער חודש — איך האָב גראָד נישט קײן געלט בײַ זיך. קום אױפן צענטן טאָג.

— גוט !

ד.

שפּאַצירט ער אַרום, דער חודש פעברואַר, אין רעגן־מאַנטל, האָט הנאה, און יעדן צװעלף בײַנאַכט לאָזט ער פאַלן אַ פריש בלעטל פונעם לוח.

און װען ס׳איז געקומען דער צענטער טאָג — װאָס איז אױסגעפאַלן אין אַ שבת — איז געקומען דער שנײַדער אױפמאָנען דעם חוב פאַרן מאַנטל.

— שבת צאָל איך נישט — זאָגט דער חודש. גײ און קום מאָרגן, זונטיק.

— זונטיק פרי — דער שנײַדער איז דאָ.

— געקומען נאָכן חוב פאַרן מאַנטל.

— דערװײַל הײבט זיך ערשט אָן די װאָך בײַ מיר, און שױן ביסטו געקומען מאָנען אַ חוב ? גײ און קום מאָרגן, מאָנטיק.

— מאָנטיק פרי — דער שנײַדער איז דאָ.

— דעם חוב פאַרן מאַנטל בעט איך.

— מאָנטיק איז נישט קײן מזלדיקער טאָג. גײ און קום מאָרגן, דינסטיק.

דער שנײַדער האָט זיך נישט געפױלט און געקומען דינסטיק. אָבער נישט דינסטיק, נישט מיטװאָך און נישט אַלע איבעריקע טעג פון דער װאָך, האָט דער חודש באַצאָלט זײַן חוב, נאָר יעדעס מאָל

אָפּגעפּטרט דעם שנײַדער מיט אַ נײַעם אויסרייד.

טיף אין האַרצן האָט שוין דעם שנײַדער גוט פאַרדראָסן די גאַנצע זאַך, אָבער שנײַדער זענען דאָך, ווי באַוווּסט, קלוגע און פאַרשטענדלעכע מענטשן, האָט ער עס נישט אַרויסגעוויזן — ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. נאָר בײַ זיך אין געדאַנק האָט ער געטראַכט: וואַרט, וואַרט, עס וועט קומען דײַן צײַט.

און געווען איז אַזוי:

ווען דער שנײַדער איז געקומען נאָכן חוב אין טאָג פון 28סטן, און דער חודש האָט, ווי געוויינלעך, ווידער געוואָלט אָפּפּטרן דעם שנײַדער מיט: „גיי און קום אין צוויי טעג אַרום", האָט דער שנײַדער מער נישט געוואָלט וואַרטן און געזאָגט צום חודש:

— דאָס מאָל נישט! ווײַל נאָכן דרײַסיקסטן וועסטו פאַרשווינדן, און איך וועל דאַרפן וואַרטן אויף דיר אַ גאַנץ יאָר. ניין, און ניין! — האָט זיך דער שנײַדער איינגעעקשנט. שוין איצט זאָלסטו מיר באַצאָלן וואָס עס קומט מיר.

און ווען דער חודש האָט געזען, אַז דאָס מאָל וועט ער זיך נישט אַרויסדרייען פונעם שנײַדערס הענט, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן.

דער קלוגער שנײַדער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— גוט. קענסט מיר באַצאָלן פאַר מײַנע צוויי טעג אַרבעט, מיט די לעצטע צוויי טעג דײַנע. אַ טאָג פאַר אַ טאָג.

נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט דער חודש אָוועקגעגעבן דעם שנײַדער זײַן גאַנץ פאַרמעגן — די צוויי לעצטע בלעטלער פונעם לוח.

און פון דעמאָלט אָן האָט דער חודש פעברואַר 28 טעג.

— — — — — — — — — — —

און איצט קאָנט איר זען דעם רעזולטאַט פון ברוגז און קריג.

## יאָסי אַפּלאָדירט צום טאַקט פון רעגן

נישטאָ קיין זאַך וואָס זאָל יאָסין געפעלן. אויף יעדער זאַך טוט ער אַ דריי מיטן נעזל און איז קיינמאָל נישט צופרידן מיט דעם וואָס עס איז. זומער, למשל, וויל ער ס׳זאָל זײַן ווינטער; רעגנט אינדרויסן — בענקט ער נאָך דער זון; אויף דער לעקציע פון חשבון, טראַכט ער פון געזאַנג; שפּילן זיך די קינדער אין אַ פּריי־לעבער שפּיל — זיצט ער אַ זײַטיקער, אַן אָנגעכמאַרעטער.

אַזאַ איז יאָסי.

איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן טאָג, זיצט יאָסי אין שטוב און הערט זיך צו צום איינטאָניקן קלאַפּן אין די פענצטער־שויבן: טראַפּ... טראַפּ... טראַפּ...

מיטאַמאָל שפּרינגט ער אויף און צעשרײַט זיך: צי וועט דער רעגן שוין קיינמאָל נישט אויפהערן? איך וויל בעסער די זון זאָל שטענדיק שײַנען. שטענדיק!

— אויב דו ווילסט, קאָן איך דיך פירן אין אַ לאַנד ווו ס׳רעגנט נישט אַ גאַנץ יאָר.

יאָסי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען לעבן זיך זײַן הילצערן פערדל, וואָס דער תל־אביבער פעטער האָט אים געשאָנקען צו זײַן געבוירנטאָג. וויפל ווײַטע נסיעות האָט ער שוין געמאַכט אויפן דאָזיקן פערדל. גענוג אַז ער זאָל זיך אַרויפזעצן דערויף און זאָגן: „פערדל, מײַן פערדל, פיר מיך אין דעם און אין דעם לאַנד״, אַז ער זאָל איינס־צוויי זיך געפינען אינעם באַגערטן לאַנד.

— גוט — האָט זיך יאָסי דערפרייט — ווען רײַטן מיר?

— שוין! אָבער נעם מיט עפּעס צו עסן. ס׳איז אַ ווײַטע נסיעה.

יאָסי האָט אָנגעשטופּט ביידע טאַשן מיט מאַראַנצן, זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערדל און — ווי אַן אָדלער האָט דאָס פערדל זיך גענומען טראָגן איבער הײַזער, גאַסן שטעט, פעלדער און וועלדער,

ביז זיי זענען פּלוצעם אַרײַן אין אַזאַ בלענדיקער ליכטיקייט, אַז ס'האָט אַזש געשטאָכן די אויגן.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט יאָסי פאַרוווּנדערט.

— די זון! — ענטפערט דאָס פערדל. מיר זענען אָנגעקומען אויף אָן אָרט, ווו די האָסט געבעטן. און איידער וואָס און ווען — זיך אָנגעהויבן פּאַמעלער, געלאָסן אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

זיי זענען געבליבן שטיין אויף אַ גרויסן פּלאַץ, ווו ס'האָט געווימלט מיט מענטשן. יאָסי קוקט זיך צו און זעט ווי מענטשן טומלען און שרײַען מיט אַזעלכע קולות — טויב צו ווערן. יאָסי פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט, קיין איין קלאַנג.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — פרעגט יאָסי צעטומלט.

— דאָס בעטן זיי אַזוי אויף אַ רעגן. שוין אַ גאַנץ יאָר ווי ס'רעגנט דאָ נישט. צוליב דער טרוקעניש איז דאָ גאָרנישט געוואָקסן און ס'איז אַ הונגער אין לאַנד.

יאָסיס פּנים פאַרקרימט זיך און ער פאַרבײַסט די ליפּן. אויף זײַן שטערן טרעט־אַרויס אַ שווייס, וואָס רינט אַראָפּ איבער די באַקן זײַנע, און אין איין אָטעם זאָגט ער צום פערדל: ניין, ניין! איך וויל נישט זײַן אין אַ לאַנד, ווו די זון שײַנט שטענדיק. איך וויל ליבער אין אַ לאַנד פון שניי און פרעסט.

— גוט! — ענטפערט דאָס פערדל — און כּהרף־עין נעמט עס זיך טראָגן איבער הײַזער, גאַסן, שטעט, פעלדער און וועלדער, ביז יאָסי האָט דערפילט ווי זײַן פּנים, די הענט און דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרן אַרומגענומען פון אַ שרעקלעכער קעלט. ער קוקט זיך צו און זעט ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ וואָס אַמאָל נידעריקער און פאַרשווינדט אינגאַנצן הינטערן האָריזאָנט. אַ געדיכטע טונקלקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן.

— איז שוין נאַכט? — פרעגט יאָסי פאַרוווּנדערט.

— יאָ, מיר געפינען זיך אין אַ לאַנד, ווו גאַנצע צוויי חדשים — פון האַלב כּסלו ביז אין דער העלפט פון חודש שבט — איז כּסדר נאַכט, האָט געענטפערט דאָס פערדל און תוך כּדי דיבור גענומען זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

אַלץ אַרום איז געווען באַדעקט מיט אַ ווײַס־בלווילעכן שניי, וואָס האָט עטוואָס העלער געמאַכט די פינצטערניש. אויפן הימל האָבן געבלינצלט גרויסע זילבערנע שטערן און פון די הײַזער האָבן אַרויסשעמערירט בלווילעכע פּאַסן ליכט. גרופּעס קינדער, אָנגעטועטע אין ווײַסע פּעלצלעך און אין פוטערנע היטעלער, האָבן זיך געטראָגן אין גאַלאָפּ אויף גליטשערס אָדער שליטעלער, וואָס האָבן פאַרקלונגען דעם אַרום מיט פריילעכע גלעקעלער.

יאָסי האָט דערפילט אַ בײַסנדיקע קעלט, ווי דינע נאָדלען וואָלטן אים געשטאָכן איבערן לײַב. ער האָט קוים געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ראַפּטעם זעט ער ווי אויפן הימל פון צפון־זײַט באַווײַזן זיך פאַרשידנפאַרביקע שטראַלן, וואָס באַוועגן זיך דאָ אַהער, און דאָ — אַהין, און לסוף צונויפגעלייגט זיך אין אַ וווּנדערלעכן שטערן. יאָסי שטייט ווי פאַרכישופט און פרעגט:

— וואָס איז דאָס?

— דער „פּאָלאַר־שטערן" — ענטפערט דאָס פערדל.

דער פראָסט שטאַרקט זיך, קלאַמערט אַרום יאָסין ווי מיט אַ רייף, אַז עס פאַרגייט אים אונטער די נעגל. ער הויכט־אַריין זײַן וואַרעמען אָטעם אין די שפּיצן פינגער און ער נעמט גיך לויפן אין אַ קרײַז. אין דעם דערפילט ער אַ שטאַרקן הונגער. נאָך גוט — טראַכט ער — וואָס ער האָט מיטגענומען עטלעכע מאַראַנצן.

גראָד גייען פאַרבײַ עטלעכע קינדער און דערזעענדיק אַ ייִנגל מיט אַ הילצערן פערדל, שטעלן זיי זיך אָפּ און חידושן זיך: אַ ייִנגל זאָל עסן שטיקער גאָלד? נישט אַנדערש — אַ קונצנמאַכער!

דאָס פערדל וואָס האָט פאַרשטאַנען די קינדערס לשון, זאָגט צו יאָסין: פאַרגעסן דיר זאָגן אַז דאָ, אין קאַלטן לאַנד, וואַקסן נישט די אַלע פרוכטן וואָס ביי אונדז אין ישראל. צעטייל זיי עטלעכע מאַראַנצן.

די קינדער האָבן מיט חשד באַטראַכט די מאַראַנצן פון אַלע זײַטן — אַרום און אַרום. ס'האָט אַן אויסזען ווי גאָלד — האָבן זיי גערעדט צווישן זיך — און ס'איז ווייכער ווי גאָלד. וואָס קאָן דאָס זײַן? דערווײַל האָט איין קינד אומגערן צעקוועטשט אַ מאַראַנץ

און איבער זײַן האַנט האָט געגומען רינען אַ געל־רויטלעך געדיכטע פליסיקייט. דאָס קינד האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און אַוועקגעשליי־דערט דאָס שטיק יאַ־גאָלד, נישטגאָלד, ווײַט פון זיך. די קינדער זענען זיך צעלאָפן.

יאָסי צעוויינט זיך: ניין, ניין! איך וויל דאָ נישט זײַן. פיר מיך צוריק אין מײַן לאַנד אַרײַן.

— גוט! — ענטפערט דאָס פערדל — און הענדעם־פענדעם נעמט עס זיך טראָגן איבער הײַזער, גאַסן, שטעט, פעלדער און וועלדער, ביז זיי זענען בשלום אַהיימגעקומען.

און ווען יאָסי האָט זיך צוריקגעפונען אין זײַן צימער און דער רעגן האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט אין די פענצטער־שויבן טראָפּ... טראָפּ... טראָפּ... האָט עס אים שוין מער נישט געאַרט, פאַרקערט: אים איז איצט פאַרגעקומען אַז די טראָפּנס קלאַפּן־אויס אַ פריילעכן ניגון. ער האָט צוגעשמייכלט צום רעגן און אַפּלאָדירט צום טאַקט פון דער רעגן־מעלאָדיע.

ערשט איצט פאַרשטייט יאָסי, אַז דער רעגן איז אַ ברכה פאַר דער ערד — אַ ברכה פאַרן לאַנד.

## קאַראַהאָד

פֿאַר די חיות — קליין און גרויס —
וואָס לעבן זיך ווי קאַץ און מויז,
האָט דער זינגפֿויגל אויף זײַן פֿידל
אויסגעזונגען אַזאַ, לידל:
קאַראַהאָד, קאַראַהאָד,
קומט און מאַכט אַ גרויסן ראָד,
קומט פֿון יעדער זײַט און קאַנט
איינמאָל גיט זיך כאָטש אַ האַנט!
באַלד געקומען פֿלינקער האָז
פֿירט באַזאָרט דעם פֿוקס פֿאַר נאָז.
און קלוגער פֿוקס מיטן האָן
שפּאַנט אין סאַמע אויבנאָן,
און דער האָן, — גיי און גלייב —
בײַ דער גריווע פֿון אַ לייב,
וועלכער טריטלט מיט אַ ציג,
נאָך דער בלויער זלידנער פֿליג,
און די פֿליג — זום און זום —
נעמט דעם העלפֿאַנט ליב אַרום,
העלפֿאַנט פֿירט, מחמת זיגער
מיט זײַן נאָז גאָר אַ טיגער,
בייזער טיגער — מלא־חן
ווערוויקס עקל האַלט אין ציין,
און דער ווערוויק הוק און שטוק —
פֿירט בײַם אָרעם זשוקל־זשוק,
זשוקלס פּיסלער פּיף און פּאַף —
אַרום דעם האַלדז פֿון זשיראַף,
און דער זשיראַף זייער פֿײַן —
טריט בײַ טריט מיט קאַנגור גיין.
קאַנגור האָפּסלט צו צו גאַנדז:

קום אַרײַן אינמיטן טאַנץ.
גענדזל־גאָנער צו דער מויז:
קום פון מויזן־לאָך אַרויס.
זאָגט דאָס מײַזל צו דער קאַץ:
קום אין ראָד — נאָר אָן אַ גראַטש,
פאָלגט די קאַץ מײַזלס עצה,
האַלט זיך פאַרן קעמלס פּלייצע,
צו דעם וואָלף חנדלט קעמל.
(וואָס געפעלט צום געזעמל)
און רעב וועלוול קאָקעטירט
מיטן שעפּסל וואָס ער פירט,
ווײַס צייגעלע — וואָס דאַרף מען מער? —
האַלט זיך פאַרן עק פון בער,
אָבער קיינער נאָכן בער
נישט געקאָנט אין ראָד שוין מער.
האָט דער פויגל אויף זײַן פידל
אויפגעזונגען אַזאַ לידל:
קאַראַהאָד, קאַראַהאָד —
ס'איז פאַרמאַכט דער שיינער ראָד
קאַראַהאָד, קאַראַהאָד —
דריי זיך, דריי זיך רעדל־ראָד.

# פֿאַרוואָס און פֿאַרוואָס?

דודו האָט זיך אָפּט פֿאַרטראַכט:
פֿאַרוואָס איז טאָג? פֿאַרוואָס נאַכט?
פֿאַרוואָס אַזוי? פֿאַרוואָס דאָס?
שטענדיק האָט ער אַ פֿאַרוואָס.
און כאָטש ער איז נאָך זייער קליין
וויל ער אַלץ און אַלץ פֿאַרשטיין.
דאָך וועט ער נישט דערוועגן
סתּם, אַזוי, גיין און פֿרעגן
אַלע פֿראַגן, אַלע זאַכן —
מען וועט דאָך פּשוט פֿון אים לאַכן!
ביז געהערט האָט ער איינמאָל:
„דער וואָס פֿרעגט — בלאָנדזשעט קיינמאָל".
דאַן גענומען לויטן סדר
שטעלן פֿראַגן. אָט, אַ שטייגער:
פֿאַרוואָס איז מזרח נישט דרום?
צי קאָן אַ קייסער זיין אָרעם?
הלמאַי איז גרין קיינמאָל רויט?
פֿאַרוואָס איז וואַסער נישט קיין ברויט?
ווער עס לערנט דעם זייגער גיין
און שאָקלען הין און קריק אויף ניין?
פֿאַרוואָס אַ מענטש האָט איין נאָז
און וויל נישט עסן פֿרישן גראָז?
הלמאַי די זון שײַנט נישט בײַנאַכט?
פֿאַרוואָס נאָך זיבן איז גראָד אַכט?
פֿאַרוואָס פֿאַלט זומער נישט קיין שניי?
פֿאַרוואָס איז שווערער שטאָל פֿאַר היי?
צי קאָן אַ העלפֿאַנט זײַן אַ פֿליג?
צי קאָן אַ טיגער זײַן אַ ציג?
צי קאָן אַ קרעט אויך שנעלער גיין?

צי קאָן די ערד נאָך בלײַבן שטיין ?
צי קאָן מען אָפּרײַסן די שטערן ?
צי קאָן אַ פוקס מיניסטער ווערן ?
צי קאָן מען גײן מיט פּיס קאַפּויער ?
פאַרוואָס זעט מען נישט מיטן אויער ?
צי קאָן אַ באַן צופוס גײן ?
צי קאָן אַ רעגן טרוקן זײַן ?
ווער עס יאָגט דעם בײזן ווינט,
וואָס פּלויטן רײַסט און שרעקט אַ קינד ?
פאַרוואָס אָרעם און פאַרוואָס רײַך ?
פאַרוואָס נישט אַלע זײַנען גלײַך ?
פאַרוואָס גויים ? און פאַרוואָס ייִדן ?
הלמאי איז נישט אײביק פרידן ?
און — פאַרוואָס אַזוי, פאַרוואָס דאָס ?
אויף אַלץ און אַלעם — אַ פאַרוואָס.
— — — — — — — — — —
און ווי מען זאָל אים נישט דערקלערן —
ווערט ער אַלץ נאָך טראַכטן... קלערן...

# אַ שמועס צווישן טאָג און נאַכט

ס׳האָט אַמאָל דער העלער טאָג
צו דער נאַכט געטאָן אַ זאָג:
— הער זיך צו דו שוואַרצע נאַכט,
וואָס איך האָב זיך היַינט דערטראַכט:
קומסט אַ יעדער נאַכט צו גיין
און פאַרשטעלסט די העלע שיַין.
הילסט די וועלט איַין אין אַ שלאָף —
נעמט די מי פון טאָג אַ סוף;
ביסט, דעריבער, אויסגעשטעלט
נאָר אויף שאָדן פאַר דער וועלט.
אָט, אָ, איך, ווי קוקסט מיך אָן,
האָב מיט ליכט, מיט זון צו טאָן!
כ׳גיב דעם מענטשן גליק און פרייד!
(דאָ פאַלט נאַכט אַריַין אין רייד):
— פּרוּוו נאָר אַנדערש טאָן אַ טראַכט —
וועסטו זען די נוץ פון נאַכט:
ס׳רוט בייַנאַכט דער גוף, דער מוח —
צו פאַרגרייטן פרישן כּוח,
וואָלט כּסדר זיַין נאָר טאָג —
וואָלט פאַר מענטשן זיַין אַ פּלאָג.
חוץ דעם: ווייס איך אַז די נאַכט
האָט איר גלאָריע, האָט איר פּראַכט:
אַ לבנה — גאָלד, אַ טעלער
פול מיט כּישוף־ליכט העלער...
כ׳בין מיט זילבער־שטערן רייַך.
נו? קענסט זיך טאָן צו מיר אַ גלייַך?
האָט דער טאָג, וואָס קלוג ווי טאָג
צו דער נאַכט געטאָן אַ זאָג:
— ס׳איז צו זען, אַז אונדזער וועלט

פול מיט חכמה איז געשטעלט:
בײדע זענען מיר געגרײט —
ברענגען פאַרן מענטשן פרײד!
דאָ דער טאָג האָט מיט דער נאַכט
שטאַרק צעקושט זיך און צעלאַכט:
— אַ גוטן טאָג!
— אַ גוטע נאַכט!




אין דער פרעסע־אָפּטײלונג פון z.p.p. אין אָרשע — ראַטנפאַרבאַנד

# די חתונה פון נאָדל־פּאָדעם

נאָדל־פּאָדעם, איינמאָל, הערט,
זיך פאַרליבט און דערקלערט:
יאָרן לויפן, יאָרן גייען,
און מיר ביידע — נאָר מיר נייען
קליידער, מאַנטלען זייער גיך
נאָר פאַר פרעמדע — נישט פאַר זיך.
וויפל כּלות שוין באַנייט?
און אַליין — אָן חופּה־קלייד.
אויב נישט זיצן ביז גרויען צאָפּ —
הער זשע גוט מיך אויס מיט קאָפּ:
ס'וואָלט, מיין איך, זיין גאַנץ פיין
ביידע צו דער חופּה גיין.

שניידער־יונגען דאָס דערהערט —
האָט מען לאַנג דאָ נישט געקלערט,
נ'באַלד צו חתונה זיך גרייטן
ווי עס פּירט זיך ביי לייטן.
ס'ערשטע האָט די גרויסע שער
אויף דער סחורה הין און הער,
געשניטן נאָכן ווייסן קרייד,
פאַר דער כּלה אַ חופּה־קלייד.
און פאַר חתן אַ נעטן פראַק
נ'טאַקע לויטן לעצטן קנאַק!

ערשט דער קליינער פינגערהוט
אַ גאַנצן טאָג האָט נישט גערוט,
און דער לאַנגער צענטימעטער,
וואָס איז דאָ דער באַראָמעטער
האָט געמאָסטן דאָ און דאָרט —

אָנגעוויזן אַ יעדעס אָרט;
ניי־מאַשין האָט לאַנג געדרייט
ביז געוואָרן ס׳איז אַ קלייד.
לערן־ייִנגלעך — האָלעדריגעס
געצויגן האָבן די פאַסטריגעס
און דאָס אייזן גליט און גליט,
ווערט פון פרעסן גאָרנישט מיד,
ווו אַ קנייטש נאָר — אויסגעגלעט
ס׳דאַרף זיין כּלה שלאַנק און נעט.
אויפגעגנייט שוין די בגדים
פאַר דער נאָדל מיטן פאָדעם,
האָט מען געסט געבעטן אַ סך
פון אַ יעדן, יעדן פאַך.

נעמט דער חזן מיט שיינעם קלאַנג
רופן אויס דאָס דרשה־געשאַנק:
נייטאָרין — אַ העמד מיט מאַנקעטן,
ווי עס טראָגן די פאַצעטן,
היטלמאַכער — אַ צילינדער
אָנצוקוקן נאָר אויף וווּנדער;
שוסטער געבראַכט לאַקירטע שיך,
וואָס גלאַנצן — נאָר צו שפּיגלען זיך,
אַן אויסשטייער — אַבי געזונט,
בגדי מלכות — ווער מיר גוטס גינט.
שיינע כּלה — בלאַנקע נאָדל
זיצט אויפן טראָן בכבוד־גדול,
איז אַ שׂמחה, איז אַ פרייד:
נאָדל זיצט אין חופּה־קלייד!
איז דער פאָדעם זייער פריילעך
ווייל „חתן דומה למלך״.
דאָ די ברייטע מחותּנים

נדן ציילן מזומנים,
שער און אײַזן מיט מאַנירן
גלײַך גענומען ס׳אונטערפירן.
נעמט דער שדכן זײַן שדכנות
און דער בדחן זאָגט בדחנות,
און דער מאַרשעליק, דער לץ —
פריילעך מאַכן נעמט די געסט.
איז אַ חופה דאָס געווען,
וואָס נאָר איינמאָל קאָן מען זען!

נאָך דער חופה צו די טישן
פון דער סעודה צו געניסן.
נישט געפעלט האָט אויפן טיש
לעקעך, טאָרטן, פלייש און פיש
איז געווען דאָרט וואָס צו נאַשן
און געטראַנקען — גאַנצע פלאַשן,
געשניאָשקעט פון דעם בעסטן וויין...
אַז נישט געקאָנט האָט מער אַרײַן...
איבער באָרד איז אַלץ גערונען —
ווײַל פלעשל האָט נישט מויל געפונען...

נאָך דער סעודה האָט דאָס קרענצל
זיך געלאָזן אין אַ טענצל.
טאַנצט דער בעקער מיטן העקער,
קוילנגרעבער מיטן וועבער
אויך דער שטעפּער מיטן טעפּער,
קוימענקערער מיטן שערער,
און דער שוסטער בעט דעם סטאָליער:
טאַנץ נישט גיך, נאָר פּאַוואָליער...
זייגערמאַכער — שאַכער־מאַכער
טאַנצט מיט קנאַק אַ האָפּטשיק־טשאַק

אויך די קינדער מיטן אײַנבינדער
אַרײַן אין ראָד פון קאַראַהאָד,
אויך דער שדכן מיטן בדחן
צו צום רומל פון געזעמל
און געדרייט זיך גיך און גיכער
מיט די פּאָלעס ווי אַ וויכער.
מצווה־טענצל — ברוגז־טאַנץ
גיט ערשט צו דעם פולן גלאַנץ.
פאַרן חתן־צד און כלה׳ס צד
שפּילן קלעזמער אַ וויוואַט!
סאַקסאָפאָן און פלאַזשאָלעט
האַלטן אונטער דעם קלאַרנעט,
צימבל, פּוזאָן און טרומייט
לאָזן זיך הערן גאָר ווײַט,
גרויסע פּויק וואָס אַליין איז שטום
פּויקט צום טאַקט בום און בום...
באַראַבאַן און קאָנטראַבאַס —
רומפּלען ווי פון הוילן פאַס.
דאָ נעמט פידל זיך צעוויגן
אין אַ טרויעריק־זיסן ניגון,
ס׳איז אַן עכט־ייִדיש שטיקעלע
צו וויינען — אַן אַנטיקעלע...
נאָר לויטן מאַרשעליקס ווילן —
דאַרף מען גאָר אַ פריילעכס שפּילן
איז: „אַ פריילעכס מיט די טאַצן,
אַז די שׂונאים זאָלן פּלאַצן״.

דאָ די שניידער, די יחסנים,
פּאָרען אַרום זיך ווי מחותנים,
דעם אַ טרונק, און דעם אַן עס
אָט אַזוי אַ גאַנץ מעת־לעת.



נאָך מיר געשיקט אויך, מעגט איר גלייבן,
אַז איך זאָל דאָס אַלץ באַשרײַבן —
פון דער מעשׂה זאָל געניסן
יעדער איינער און אויך וויסן:
נאָדל־פאַדעם שוין אַ פּאָר —
אויף לאַנגע, לאַנגע יאָר!

# אַ נײַע וועלט

זומער דאָרט איז אַ מחייה:
ס'ווערט די וועלט דאָרט גאָר אַ נײַע: —
ווי עס קומט דער ערשטער רעגן
ווערט צעווייקט די ערד און וועגן,
הילט זיך ערד אין גרינעם קלייד —
ווערט באַמאָלט באַלד פעלד און בייט.

קומט פון שטוב אַרויס דער פויער
קערט די שוואַרצע ערד קאַפּויער,
און ער זייעט ווייץ און קאָרן,
אַז עס זאָל זײַן וואָס צו מאָלן.

אין דער נאָרע ברוינער בער
וועקט זיך לאַנגזאַם, וועקט זיך שווער,
איז פון לאַנגן שלאָף נאָך פויל,
נאָגט אַ פינגער אינעם מויל,
טוט נאָך גענעצן און ניסן —
חלומט איצט פון האָניק זיסן.

קומט פון וואַרעם-לאַנד דער פויגל
גלײַך אין אַלטן אייגן שטײַגל,
נעמט אַ נײַעם ניגון ציִען,
(וואָס ער האָט אין פרעמד געליִען)
זינגט ער, שפּילט ער ווי אַ לירע
דאַכט זיך: פייגל זינגען שירה.

פול מיט שוואַלבן אַלע וועגן
וואַקסן אויס ווי נאָך אַ רעגן,
אַ טייל פון פרעמד, אַ טייל פון הי
הילכט די לופט מיט: פּי און פּי.

פּיקער פּיקט צום טאַקט אין בוים,
אַז מען הערט אין כאָר אים קוים,
דאָס זאָגט ער אָן: אַ סקאָצל קומט!
אָבי מען זעט אײַך פּריש, געזונט!

פלאַטערט שמעטערלינג אַרום,
קרײַזלט, ציט זיך צו דער זון,
שיכּורט פונעם זומער־דופט,
וואָס איז פול די גאַנצע לופט;
ס'ווייסט דער שמעטערלינג: זײַן גליק
דויערט נישט מער אַן אויגן־בליק;
ס'איז זײַן לעבן ווערט אַ שישקע —
מ'ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ לישקע,

איז, דעריבער: שוועבן! שוועבן!
ס'איז דאָס גליק פון איין טאָג לעבן.
רוישן ביימער, שעפּטשן שטילע,
ווי זיי וואָלטן מירמלען תּפילה,
וועקט זיך לאָנקע, וועקט זיך פעלד —
ס'האָט דער זומער זיך געשטעלט!

אײַנגעטונקט אין בליִעכץ ווײַסע
זעט עס אויס: אַ כּישוף־מעשׂה,
שטייט דער גאָרטן אײַנגעהילט:
עפּל, באַרן, ווײַנשל בליט.
זון מיט גאָלד און זילבער שיט
איז די גאַנצע וועלט צעבליט.

וואַקסן שיינע צאַרטע בלומען,
שמעקן שאַרפּער ווי פּאַרפומען,
נישט צו וועלן זיי פאַרשעמען —
דאַרף מען שרײַבן טויזנט נעמען.

נעמט דער וואַלד אויך רוישן, זשומען —
ס׳איז דער זומער דאָך געקומען!
און ער נעמט זיך באַלד באַווײַזן
אַז ער האָט אויך וואָס צו לייזן:

רויטע יאַגדעס, רויט ווי בלוט,
פריש, געשמאַק און זייער גוט;
יאַגדעס שוואַרצע, זייער שוואַרץ,
אַז מען לענט זיך אונטער ס׳האַרץ;

ערשט די שוואָמען נאָכן רעגן —
זײַנען דאָך אַ גאַנץ פאַרמעגן!

איבער טאָלן רוישן, פּראַלן
פריילעך, לוסטיק אַלע קוואַלן,
זייער פליסן, זייער קוועלן
וועט קיין צוים דאָ נישט פאַרשטעלן;
פליסן קוואַלן, פליסן טײַכן
זייער טיפקייט — נישט צו גרייכן,
וויפל וואַסערן פאַראַן —
פליסן זיי אַרײַן אין ים.

שווימען קאַטשקעס אינעם טײַכל
הין און קריק זיך אויפֿן בײַכל,
שווימען לאַנגזאַם, שווימען גיך
נעצן איין די געלע שיך,
כאַפּן ווערעם, כאַפּן ברויט
זומער איז נישטאָ קיין נויט.

בושל קלאַקעט: קלאַ... קלאַ... קלאַ...
ס׳איז דער לשון אים אַזאַ...
מיינען מיינט עס: ברוך הבא!
ווי איינער זאָגט: כ׳בין אויכעט דאָ!

שטעלט די פּאַווע אויף דעם פּעכער
און זי האַלט אים הויך און העכער,
ווײַזט דער וועלט די שיינע פֿאַרבן,
נאָר אַ מאָלער קען זיי אַרבן.

און די קינדער ווילן דווקא
פֿרעגן זיך בײַ דער קוקאַווקע,
אַז זי זאָל אַן ענטפֿער געבן:
וויפֿל יאָרן ס׳איז צו לעבן?
קוקעט: קו... קו... אויפֿן אָרט
און — גיי גלייב איר אויפֿן וואָרט...

ווען די בין טוט האָניק געבן —
איז פֿאַר קינדער ערשט אַ לעבן:
האָניק לעקט מען מיט די פֿינגער
(ס׳איז אַ סגולה פֿאַר אַ זינגער).

האָט צעבריקעט זיך די קו
און זי מעקעט: מו... און מו...
עסט צו זעט די פרישע גרעזער
גיט זי מילך צוואַנציק גלעזער.

האַרט בײַם װעלדל אױפן גראָז
פרײלעך שפּרינגט אַרום אַ האָז,
קוקט קאַסאָקע פון באַהעלטל
האָט הנאה פונעם װעלטל.

קוקעריקעט רױטער האָן,
דאָס זאָגט ער אַ רעגן אָן;
און די בײזע זלידנע פליג
שטעלט זיך אױפן נאָז פון ציג;

טוט זיך װאַשן קאַץ, די פרומע —
ס׳װעלן גוטע געסט קומען!
אַלץ אַרום װערט פריש און יונג
ס׳איז דער זומער פעדער־גרינג.

שעפּן קינדער זשמעניעס פרייד,
װײַל דאָס אַלץ פאַר זײ געגרייט!
זײַנען זײ צעשטראַלט, צעהעלט —
ס׳איז פאַר זײ די גאַנצע װעלט!

זומער דאָרטן איז דאָך אַ מחיה —
ס׳איז די װעלט דאָרט גאָר אַ נײַע!

# וואָס אין דאָרטיקן וואַלד פּאַסירט

איבערן וואַלד האָט זיך אַדורכגעטראָגן אַ קיל ווינטל, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון האַרבסט און נישט לאַנג דערנאָך האָבן זיך דערהערט די שאָרשנדיקע טריט פונעם גאַסט.

גייט ער, דער האַרבסט, איבערן וואַלד מיט אַ פּענדזל אין האַנט און פאַרבט די בלעטער אויף געל, רויט, סעלעדין, בראַנדז און גאָלד.

אָבער אַזוי איז שטענדיק: ווי שיין און גאָלדיק דער האַרבסט זאָל נישט זײַן, הייבן אָן די פייגל און חיות צו קלערן וועגן ווינטער: זומער־פייגל נעמען זיך גרייטן צום וויַיטן פלי — אין די וואַרעמע לענדער; און אַנדערע פייגל, וואָס זענען מער דויערעוודיק אויף שניי און פראָסט, נעמען, צוזאַמען מיט די וואַלד־חיות, צוגרייטן גרעסערע זאַפּאַסן שפּיַיז אויף לאַנגן קאַלטן ווינטער, און אַ זיכער, וואַרעם אָרט, ווו צו קענען איבערווינטערן.

אין וואַלד האָבן די עלטערע ביימער פרום זיך צעשאָקלט און שטיל, געגומען פאַרוויגן די יונגע ביימלעך מיט אַ ביימער־וויגליד: נישט לאַנג וועט דויערן און אַלע בלעטער וועלן פאַר־וועלקן און אַראָפּפאַלן פון אונדז; מיר וועלן אַריַינפאַלן אין אַ לאַנגן טיפן שלאָף; דעמלט וועט קומען פעטער שנייער און צודעקן אונדז מיט אַ פוכן איבערבעט פון שניי; דערנאָך וועט דער פרילינג אונדז אויפוועקן און אונדז אָנטאָן נײַע גרינע קליידער.

דערווײַל האָט דער וואַלד געמיניעט מיט כּל־ערליי פאַרבן און די האַרבסט־זון האָט זיך געשפּילט מיט די ביימער אין באַהעלטער־לעך און צוגעוואָרפן שטיקער גאָלד צו די פאַרבליבענע יאַגדעס און שוואָמען. די שלאָף־עפּעלער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי בראָנד־זענע גלעקלער, האָבן זיך געגאָלדיקט אַנטקעגן דער זון.

שפּעטער־צו איז די זון מיט יעדן טאָג אַלץ בלייכער געוואָרן און גאַר זעלטן זיך אָנגעהויבן באַוויַיזן. ס'איז געוואָרן ווי אין די

ביימערס וויגליד: פריִער האָבן די עקן פון די בלעטער זיך געגומען ראַלן וואָס אַמאָל לויזער און שפּעטער זענען זיי אינגאַנצן פאַר־וועלקט געוואָרן און אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. די נאַקעטע צווייַגן, וואָס האָבן באַקומען אַן אויסזען ווי לעבעדיקע הענט, האָבן פונאַנדערגעשפּרייט די שיטערע פינגער אויף אַלע זייַטן, ווי דראָטן פון אַ געעפנטן שירם, און די ביימער האָבן זיך גענומען דערציילן אויסטערלישע וואַלד־מעשיות. שפּעטער האָט אַ טרוקן פרעסטל אַרומגענומען די ביימער און זיי אייַנגעשלעפערט אין לאַנגן ווינ־טער־שלאָף. דערנאָך איז געקומען פּעטער שנייער מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע און צעשיט דעם ווייַסן פּוך איבערן וואַלד.

אין אַזוינע טעג זעט אויס דער וואַלד ווי אין אַ צויבער־מעשׂהלע. דער שניי פינקלט דעמלט ווי ריינער קרישטאָל און צווישן די ביימער הייבט זיך אָן אַ געריודער פון די פייגל און חיות, וואָס זענען געבליבן ווינטערן אין אָט דעם וואַלד.

אָט שפּרינגט אַרום דער טונקל־ברוינער וועוורים פון איין צווייַג אויף דער צווייטער, מיט אַזאַ געשיקטער פלינקייט, אַז די באַוועגונגען קוים מיטן אויג נאָכצולויפן. און אָט האָט ער זיך צוגעזעצט אויף אַ צווייַג און גענומען ציילן אויף די נעגל: איינס, צוויי, דרייַ, פיר...

— פּיק, פּיק... ציילסט די יאָרן דייַנע? — פרעגט דער פּיקהאָלץ.

— אַן אייַנפאַל אַ ביסל! איך צייל די באַהעלטענישן, ווו איך האָב מייַן ווינטער־שפּייַז באַהאַלטן.

— אין הייל פון גרינעם סאָסנע־בוים — ציילט דער וועוורים אויף די פינגער — איז איין באַהעלטעניש; אונטערן אַלטן דעמב — איז צוויי; נישט ווייַט פון נאָדלבוים איז...

— איז דרייַ — העלפט אַרויס דער פּיקער.

— אָבער... וואַרט... ווו איז די פערטע באַהעלטעניש? — קאָן זיך דער וועוורים נישט דערמאָנען.

— צייל נאָך אַמאָל — עצהט דער פּיקער.

— אין הייל פון גרינעם סאָסנעבוים — איז איין באַהעלטעניש; אונטערן אַלטן דעמב — איז צוויי; נישט ווייַט פון נאָדלבוים איז...

— איז דרייַ — העלפט ווידער אַרויס דער פּיקער, וועלכער

ווייסט נאָך פון פאַראַיאָרן ווינטער, אַז דער וועוריק איז שוואַך אין חשבון.

אָבער... ווו איז פאָרט די באַהעלטעניש פון דעם — אַ פינגער? (דער וועוריק האָט, ווייַזט אויס, זיך געמאַכט סימנים לויט די פינגער) — פרוּווט ער זיך דערמאָנען — און דאָס שפּייַעכץ רינט אים פון מויל, דערמאָנענדיק זיך אין די ניסעלעך וואָס ער האָט באַהאַלטן אין דער פערטער באַהעלטעניש.

— טאַקע אַ שאָד! — זאָגט דער פּיקער מיט באַדויער — אָבער פאַרפאַלן!

— דיר איז גרינג אַזוי צו זאָגן — ענטפערט וועוריק מיט אַ טאָן, וואָס מ'האָט אַרויסגעפילט סײַ איפּערזוכט און סײַ אַ טענה — ווייל דו ביסט פטור פון צוגרייטן שפּײַז־רעזערוון אויף ווינטער. אַ גאַנץ יאָר מאַכסטו אַ תל פון די ביימער: פּיק... פּיק...

דער בוים, אויף וועלכן ס'איז דער פּיקער מיטן רויטן קעפּעלע געזעסן, האָט איבערגעריסן זײַן שלאָף און צום וועוריק אַזוי געזאָגט:

דער פּיקער איז אונדזער דאָקטער, וואָס פאַרהיט אונדז פון די פאַרשידענע שעדלעכע ווערעמלעך. ווען נישט דער פּיקער, וואָלט קיין איין געזונטער בוים נישט געווען. דאָס איז דער בעסטער פרײַנט פון די ביימער! — האָט דער בוים פאַרענדיקט זײַן דערקלערונג און צוריק אַרײַנגעפאַלן אין טיפן ווינטער־שלאָף.

—טאַקע נישט געוווּסט — פאַרשנורעוועט וועוריק די ראָזעווע דינע ליפּעלעך — און לאָזט זיך צום אַלטן דעמב נאָך אַ פּאָר ניסעלעך.

אין וואַלד האָט זיך דערהערט אַן אויסגעצויגענער פוילער ברום: בוווו... דאָס האָט דער ברוינער בער זיך איבערגעקערט אין זײַן נאָרע פון איין זײַט אויף דער צווייטער, און אויף אַ מינוט אַרויסגעלאָזן זײַן פינגער פון מויל. כמעט אַ גאַנצן ווינטער פּאָפּט ער, דער פוילער בער, אין זײַן נאָרע מיט אַ פינגער אין מויל און חלומט פון זיסן האָניק. דערפאַר האָבן אים די ווינטער־פייגל אַ נאָמען געגעבן: „בערעלע נאַשער".

— טשוויר... טשוויר... שיין איז דער וואַלד אין ווינטער — האָט אַ געלרויטער פויגל, וואָס איז געזעסן אויף אַ דין צווײַגל אויס־געזונגען, און אַראָפּגעשיט — פּאַר הימלעבקייט וועגן — אַ ביסל שניי גלײַך אויפן ברוינעם העזעלע, וואָס איז גראָד אונטערן זעלבן בוים געשטאַנען.

— שור... שור... קאַלט! — שיקלט בייזלעך דאָס העזעלע מיט די קאָסאָקע אויגן אַרויף צום פויגל — וואַרט צו, דראָט דאָס העזע מיטן פעדערשטן קורצן פּיסל, — וואַרט! נישט לאַנג וועט דויערן און די מענטשן וועלן אין וואַלד קומען און דיך כאַפּן אין אַ שטײַגל אַרײַן און דו וועסט אויסגיין פון בענקעניש נאָך פרײַהייט...

— טשוויר! טשוויר! נישט אַלע מענטשן זענען שלעכט — זינגט אויס דער פויגל — קלוגע און גוטע מענטשן פאַרשטייען גוט, אַז פייגל פילן זיך שלעכט אין אַ שטײַגל.

דער קלוגער פוקס, וואָס איז אונטערן צווייטן בוים געשטאַנען און אַלץ אונטערגעהערט, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַ געדיכטער שניי האָט גענומען שיטן און שיטן און דער וואַלד האָט אויסגעזען ווי אַ צויבער־מעשׂהלע.

# נאַריש ווי אַ גאַנדז

אַז מען גיט עמעצן אַ צונעמעניש איז ניט אומזיסט. מסתמא ליגט עפּעס אין דעם. ווען מען זאָגט „אַ קעצישער מוח", איז אַ סימן אַז אַ קאַץ געדענקט ניט קיין סך. ווען מען זאָגט: „הונגעריק ווי אַ וואָלף", איז אַ סימן„ אַז מענטשן ווייסן אַז אַ וואָלף איז שטענדיק הונגעריק. מען זאָגט אויך: איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל, קלוג ווי אַ פוקס, שטיל ווי אַ טויב, שנעל ווי אַ הירש, רירט זיך ווי אַ בער, נאַרישע גאַנדז — די אַלע ווערטלעך לערנען אונדז עפּעס וועגן די בעלי חיים. אָט האָט איר אַ מעשׂה פאַרוואָס מען זאָגט נאַרישע גאַנדז.

**א.**

דאָס איז געווען זומער. די זון האָט געוואַרעמט אַ מחיה. אַלץ איז געווען גרין. דער הימל בלוי. דאָס טײַכל זילבער. אַ פּאַסטעך איז געזעסן אונטער אַ בוים און געפּײַפּט אויף זײַן פּײַפל. ער האָט געוואָלט נאָכמאַכן דאָס זינגען פון די פייגל, וואָס זענען געזעסן אין די הונדערטער אויף די צווײַגן און פאַרטומלט דאָס פעלד מיט זייער צוויטשערן. אין דער ווײַטנס האָבן זיך געפּיטערט גענדז.

מיט אַמאָל האָט זיך אַ יונג גענדזל צעגאַגערט: גאַ, גאַ, גאַ. לויפן צו די גענדז צו דעם גענדזל וואָס האָט געגאַגערט און זיי זעען: ער שטייט איבער אַ גרויס קײַלעכדיק איי.

וווּנדערן זיך די גענדז: זיי האָבן אויף זייער לעבן נישט געזען אַזאַ איי. גרויס און קײַלעכדיק. גענדזענע אייער זענען נישט אַזוי קײַלעכדיק. זיי זענען לענגלעך — אָוואַל.

זאָגט די עלטסטע גאַנדז:

— הערט נאָר, גענדזעלעך, איך בין שוין אַלט און זאַט מיט יאָרן. איך האָב שוין געזען פינעף ווינטערן מיט מײַנע אייגענע אויגן, אָבער אַזאַ גענדזן איי האָב איך נישט געזען. הער נאָר, דו גאַנערל: טו אַ פּיק דאָס איי און לאָמיר זען וואָס עס טוט־זיך אונטערן שאָלעכץ.

שטעלן זיך אַרום די גענדז אַרום דאָס מאָדנע איי און קוקן נײַגעריק װאָס װעט דאָ געשען. דאָס גאָנערל טוט אַ הייב זײַן שנאָבל און — פּיק!

אָבער דאָס איי האָט זיך נישט צעשפּאָלטן. עס האָט זיך גאָר אָנגעהויבן קײַקלען באַרג אַראָפּ, אַראָפּ גלײַך צום טײַכל און פּליוך: דאָס איי איז אַרײַנגעפאַלן אין װאַסער. די גענדז זענען געבליבן שטיין מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס: דערטרונקען האָט זיך דאָס איי.

אָבער װוּנדער איבער װוּנדער! דאָס איי שווימט גאָר. איר האָט אַזוינס געהערט?

די אַלטע גאַנדז האָט באַפוילן:

— גענדז, אין װאַסער אַרײַן! שווימט צו צום איי און שלעפּט עס אַרויס פון װאַסער. מסתּמא אינווייניק אונטער דער שאָלעכץ איז דאָ אַ גענדזעלע און זי שווימט עס.

די גענדז האָבן געפאָלגט און אַרויסגעצויגן דאָס איי פון װאַסער. און אַ גאַנדז האָט זיך געזעצט פאַרזיכטיק אויף דעם איי אויסבריִען אַ גענדזעלע.

זיצט אַזוי די גאַנדז אויף דעם איי, אַ טאָג, צוויי טעג, אַ װאָך, צוויי װאָכן. װאַרט דאָס איי זאָל זיך צעשפּאַלטן און אַ גענדזעלע זאָל אָנהייבן פּישטשען. אָבער דאָס איי בלייבט קאַלט װי קיינמאָל גאָרנישט.

## ב.

װער װייסט װי לאַנג די גאַנדז װאָלט אַזוי געזעסן. נאָר איינ־מאָל זעט דער פאַסטעך װי די גאַנדז זיצט אויף דעם איי און ער פאַרװוּנדערט זיך:

— פון װען אָן זיצט עס אַ גאַנדז אינמיטן פעלד און בריט אויס גענדזעלעך?

גייט ער צו און טרײַבט אַראָפּ די גאַנדז און טוט אַ קוק: זע נאָר, די גאַנדז זיצט גאָר אויף אַ גומענעם באַל, אַ גומענעם װײַסן באַל מיט װעלכן קינדער שפּילן זיך.

דער פאַסטעך האָט זיך צעלאַכט:

— נאַרישע גאַנדז, אַן איי, אַ באַל, אַלץ איינס בײַ איר. זעט אַ קײַלעכדיקע זאַך, זעצט זי זיך אויף דעם. גיי בעסער שווימען אין טײַכל, נאַרישע גאַנדז, און פּטר ניט קיין צײַט.

דער פֿאַסטעך איז אַוועק צו זײַן טשערעדע און איבערן וועג אַזאַ לידעלע געזונגען:

גענדזל־גאַנער גאַ... גאַ... גאַ...
ביסט אַ נאַרעלע אַזאַ:
זעסט אַ באַלעם ווייס ווי שניי
מיינסטו אַז דאָס איז אַן איי.

פֿון דעמאָלט אָן איז געבליבן דאָס ווערטל: „נאַריש ווי אַ גאַנדז".



גבריאל ווײַסמאַן בײַם דענקמאָל פֿון וואַרשעווער געטאָ

# דאַנקבאַרקייט

געווען אַמאָל אַ רײַכער פּריץ. אַזוי רײַך, אַז ער האָט אַליין נישט געוווּסט וויפיל זײַן עשירות באַטרעפט. ער האָט פאַרמאָגט: פעלדער, וועלדער, מילן, בהמות און געלט — אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך. ווי מען זאָגט: קורחס אוצרות פאַרמאָגט.

איז אָבער דער פּריץ זייער אַ ביטערער מענטש געווען און געהאַט אַ שלעכט האַרץ. זײַנע קנעכט פלעגט ער שטאַרק פּײַניקן און פאַר דער מינדסטער קלייניקייט — שלאָגן מכּות־רצח.

זומער־צײַט פלעגט ער דינגען זייער פיל אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן באַאַרבעט זײַנע פעלדער און גערטנער פאַר די קלענסטע לוינען.

און אַז עס איז געקומען האַרבסט־צײַט, ווען די פעלדער זײַנען געוואָרן ליידיק און די שפּײַכלערס — פול, האָט ער פיל מענטשן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט און אַרויסגעוואָרפן זיי פון די דירות.

איינמאָל, אין אַ זומער־טאָג, ווען די אַרבעט איז געגאַנגען אין פולן ברען, איז דער פּריץ אַרויס אויף אַן אינספּעקציע, כּדי צו קאָנטראָלירן אויב זײַנע קנעכט האָרעווען ווי געהעריק...

גייט ער אַזוי, דער פּריץ, פון איין גרופּע קנעכט צו דער צווייטער און — דעם, טוט ער אַ שטויס; יענעמען — אַ זעץ; אַ דריטן — סתּם אונטערגעיאָגט אין דער אַרבעט; אַ פערטן — אַ זידלוואָרט... און אַזוי האָט ער פאַרביטערט דאָס לעבן פון יעדן איינעם באַזונדער. גייענדיק אַזוי, קומט ער צו צום וואַלד, ווו עס אַרבעטן די האָלץ־העקער און דערזעט, ווי איינער, אַ האָלצהעקער, האָט אויף אַ סעקונדע אָוועקגעלייגט די האַק און ווישט אָפּ פון פּנים דעם שווייס...

דער פּריץ איז אַרײַן אין אַ שרעקלעכן גרימצאָרן און אָנגעהויבן

זידלען דעם האָלץ־העקער מיט די ערגסטע זידל־ווערטער. אָבער דאָ איז פּלוצעם אָנגעלאָפן אַ גרויסער בער און זיך געוואָרפן אויפן פריץ. נאָך איין רגע און דער בער וואָלט דעם פּריץ צעריסן אויף שטיקער.

דער האָלץ־העקער האָט לאַנג ניט געטראַכט, געכאַפּט זײַן שאַרפע האַק און דערהרגעט דעם בער מיט איין קלאַפּ.

ווען דער פּריץ איז געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם טויטן בער פון אַלע זײַטן. ווען ער האָט דערזען, אַז בײַם בער איז דער בויך געשפּאָלטן, האָט ער זיך צעשריִען אויפן האָלץ־העקער:

— דו אייזל־קאָפּ, דו פערד, אָקס, בראָנפן־זויפער! אַזוי דער־הרגעט מען אַ בער?! מיט דער האַק אין בויך?! אין קאָפּ גיט מען אים מיט דער האַק. דו האָסט דאָך קאַליע געמאַכט, איבערגעפּירט אַזאַ טײַערע פעל. גיי, פאַרלאָז זיך אויף אַ פּויער!...

# דאָס טעפּעלע סם

1.

טעטעלע איז געווען אַ גראָטן קינד: שיין ווי די זון; קלוג ווי דער טאָג, און גוט — ווי די וועלט. ביַי איר שטיף־מוטער אין די אויגן איז זי אָבער געווען פּונקט פאַרקערט: מיאוס ווי די נאַכט, נאַריש ווי אַ קאַץ, און — ביטער ווי גאַל.

וואָס טעטעלע זאָל נישט טאָן, טויג עס ניט: דאָ שטעל דיך נישט, דאָ זעץ דיך נישט.

איינמאָל, ווען די שטיף־מוטער האָט געדאַרפט אַוועקגיין אין גאַס, האָט זי אָנגעזאָגט טעטעלען פיר זאַכן: זי זאָל אויסוואַלגערן אַ בלעטל טייג; אַכטונג געבן, אַז די קאַץ זאָל נישט אויסנאַשן די פּוטער; פאַרוויגן דאָס פּיצעלע קינד, אויב עס וועט וויינען, און — נישט פאַרזוכן, חלילה, פונעם טעפּעלע, וואָס אויף דער שאַנק, וויַיל דאָרט געפינט זיך סם.

צוערשט האָט טעטעלע גענומען אויסוואַלגערן אַ בלעטל טייג. און ווען דאָס פּיצעלע קינד האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען וויינען, איז טעטעלע געפאַלן אויפן שׂכל: גענומען אַ שטריק, צוגע־בונדן איין עק צום קינדס וויגל און דעם צווייטן עק — צו איר פוס. אַזוי האָט זי געקענט אין איין צייַט: וואַלגערן מיט די הענט און וויגן מיטן פוס.

2.

אינמיטן דער אַרבעט כאַפּט טעטעלע אַ בליק צום קעצעלע, ערשט — וויי: די נאַשערין שטייט אויפן קאָמאָד און לעקט די פּוטער. וויל טעטעלע צולויפן צום קאָמאָד אַוועקטריַיבן די קאַץ, פאַרגעסט זי, אַז איר פוס איז צוגעבונדן צום וויגל, קערט זיך אום

דאָס וויגל פון טעלעס האַסטיקן לויף און פאַרטשעפּעט אויך דאָס ברעטל מיטן טייג. פון שטאַרקן געפּילדער האָט זיך דער האָן דערשראָקן און אַרויס דורכן פענצטער.

שטייט טעלע אַ צעטומעלטע, מיט פאַרבראָכענע הענטלעך און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ: די קאַץ — אויפגענאַשט די פּוטער; דאָס בלעטל טייג און דאָס קינד — אויף דער ערד; דער האָן — אַרויסגעפלויגן. און דאָ ווייסט זי דאָך גוט, אַז איר שלעכטע שטיף־מאַמע וועט איר שנײַדן אַ פּאַס. ציטערט זי און זי דערמאָנט זיך, אַז אויפן שאַנק געפינט זיך אַ טעפּעלע סם. פליט איר דורך אַ געדאַנק: זי וועט זיך סמען! כאַפּט זי שנעל דאָס טעפּל, טוט אַ לעק דעם סם און נעמט אָפּוואַרטן דעם טויט. אָבער, מאָדנע: זי האָט גאָרניט געוווּסט — טראַכט זי — אַז סם איז גאָר זיס. נישט אומזיסט — דערמאָנט זי זיך — האָט זי געהערט: אַ זיסן טויט. זי וואַרט אַ מינוט, צוויי און — דוכט זיך, אַז זי לעבט נאָך. טראַכט זי: מסתּמא גענומען אַ צו קליינע דאָזע. נעמט זי אַ טיש־לעפל און שלינגט אַראָפּ אַ פולן לעפל סם. באַלעקט די ליפּעלעך מיטן צינגל און וואַרט. אָבער... זי לעבט אַלץ. נעמט זי שלינגען לעפל נאָך לעפל, ביז... אַ לעק און אַ לעק — און פון טעפּעלע סם איז אַן עק...



וואָס פאַר אַ סם דאָס איז געווען? — ווער מיר גוטס גינט זאָל שלינגען אַזאַ סם! — אַ טעפּעלע געשמאַקער זיסער אײַנגעמאַכטס.

## דער בעקער

שטייט אַ בעקער קנעט און קנעט
ס׳זאָל געבעקס זײַן צו דער זעט,
קנעט דאָס זיסע טייג מיט הייוון —
וואַקסן זאָל עס אויף אין אויוון.

שיבט אין אויוון שיבט און שיבט
זײַנע קיכלעך — שטאַרק באַליבט
בײַ די קונים קליין און גרויס,
אַז עס גייט דאָס חיות אויס.

וויל ער — קנעט ער אויס פון טייגל:
שיינע, גרויסע אייער־בייגל,
און וויל ער, באַקט ער פאַר די קינדער
לעקער, טאָרטן — סאַראַ־וווּנדער!

נאָך דעם אַלעם — באַקט ער זעמל
איז נישטאָ קיין צײַט אויף דרעמל,
באַקט אויך חלות, באַקט אויך ברויט —
ס׳זאָל דער מענטש נישט לײַדן נויט.

# דער שמיד

אין דער קוזשניע שטייט אַ שמיד
ווערט פון שמידן גאַרנישט מיד,
הייבט דעם האַמער נאָכאַנאַנד
לאָזט אים נישט אַרויס פון האַנט.

ס'איז דאָס אײַזן רויט אינגאַנצן
פונקען גאָלד — שפּריצן, טאַנצן,
ס'איז דער שטיק צעגליט פײַער
איצט בײַם שמיד — ווי גאָלד טײַער.

אויף קאָוואַדלע, האַרטער שטאָל
פאַלן שווערע קלעפּ אַן צאָל,
מיט דעם רויט־צעגליטן אײַזן
קאָן דער שמידער וווּנדער ווײַזן!

האָט דער גרויסער בלאָזער מיעך
זיך צעבלאָזן: אוך... און — עך...
און צום טאַקט פון האַמער־קלאַנג
זינגט דער שמידער אַ געזאַנג.

גיסן קלאַנגען זיך צוזאַמען
מישן אויס זיך מיט די פלאַמען,
ווערן פּאָדקאָוועס פאַר פערד
און אַן אַקער פאַר דער ערד.

## דער שוסטער

אַ שוסטער זײַן איז גוט און ווויל —
ער מאַכט אַ שוך און לייגט אַ זויל,
מאַכט אויך שיינע שטיוול נײַע
זיי צו טראָגן — אַ מחיה!

פאַרציט אַ דראַטווע, שטעבט מיט אָל
און קלאַפּט די שטיפטן אָן אַ צאָל,
קלאַפּט דעם האַמער אינעם טשוועקל
לייגט אַ פלעקל נאָך אַ פלעקל.

אויסגעפּאַרטיקט שטיוול, שיך,
פּוצט ער אָפּ זיי אויף דער גיך,
קומען קונים גלײַך צולויפן
זײַנע שיך און שטיוול קויפן.

אין זומער טראָגט מען שיכלער גרינג
עס זאָל דער גאַנג זײַן גיך און פלינק;
שטיוועלעך — אין ווײַטע וועגן —
טאָמער טרעפט אין וועג אַ רעגן.

אַ שוסטער זײַן איז ווויל און פײַן
ווײַל ער לאָזט נישט באָרוועס גיין.

## אין דיסני־לאַנד

הײַנט אין אָוונט, ליבע קינדער,
אָנגעזען זיך הוילע וווּנדער,
אויפן עקראַן איז דאָס געשען
הערט זשע אויס וואָס כ׳האָב געזען:

מיטאָמאָל — שאַ און שטיל,
אויף דער לײַוונט גייט אָן די שפּיל:
ליליפּוטן ווי פּאַיאַצן
קאָן מען לאַכן ביז צום פּלאַצן.

שפּעטער קומען צוויי בינעזער,
לאַנגע צעפּ און ברייטע נעזער,
בײַ די זײַטןביידע פּירן,
צוויי אינדיאַנער — צוויי פּאַקירן;

און זיי ביידע וווּנדער ווײַזן
שלינגען פֿײַער, ברעכן אײַזן,
און איידער וואָס, איידער ווען,
איר ווייסט נישט ווי עס איז געשען —

קומט אַ ייִנגל גאָר אַ בלאַסער
פֿאַלט אַרײַן אין טיפֿן וואַסער,
שלינגט אים אײַן אַ גרויסער העכט,
אוי, ווי ביטער! אוי, ווי שלעכט!

אײַנגעשלונגען אים בשלום,
אויפֿגעכאַפּט זיך — ס׳איז אַ חלום!
גייט אין וואַלד אַ ציגײַנער
פֿירט אַ הינטל — הויט און ביינער;

טרעפט ער שלאָפן אַ קליין מיידל
נעמט ער זי פירן פײַן און איידל,
שפּאַנט מען שטיל, אַזוי פאַרטראַכט,
ביז ס׳פאַלט צו אין וואַלד די נאַכט.

קומט אַרויס אַ לייב — אַ שרעק!
וואַרפט אַ פּחד מיט זײַן עק,
און באַלד אַ בריל פון פּיסק מיט ציין
אַז ס׳כאַפּט אַרום אונדז אַ געוויין.

געוועזן אומזיסט פאַר לייב די שרעק,
ר׳נעמט דאָס מיידל און פירט אַוועק
צו איר ליבער, ליבער מאַמען,
וווּ זיי וווינען צוזאַמען.

פאָרט אַ שיף מיט יענע יאַטן,
פאַלט זיי אָנעט ים־פּיראַטן
און זיי נעמען זיי געפאַנגען
מיט געפילדער, מיט געזאַנגען;

ווערט אַ שלאַכט אויף טויט און לעבן,
קיינער וויל זיך אונטערגעבן;
איז אַ יאַט אַ ריז פאַראַנען
אויסגעפאָרן אַלע ים׳ען —

שלאָגט ער, קײַלט ער די פּיראַטן
ביז עס זיגן זײַנע יאַטן.
דאָ: אַ פליִער קומט צו פליִען
אָבער וואָלקנס נעמען פאַרציִען...

ווערט אַ שטורעם, ווערט אַ רעגן,
באַלד פֿאַרלירט ער אַלע וועגן.
קרײַזלט, קרײַזלט אינעם שטורעם
און דערמאָנט זיך אין זײַן שירעם.

פֿליט ער, פֿאַלט ער אינמיטן פֿעלד
און קוקט אויף אונדז ווי אַ גרויסער העלד.
קומט אַ נעגער מיט זײַן פֿידל —
שפּילט און זינגט אַ האַרציק לידל,
אין אַ זאַל פֿון בלויז קרישטאָלן,
נאָר אַ מאָלער קאָן דאָס מאָלן.

און ווי אין אָנהייב אומגעריכט —
פֿאַרלאָשן אַלע שײנע ליכט.
און פֿון לײַוונט, ליבע קינדער,
ניטאָ קיין סימן פֿון אַלע וווּנדער.

# גיטעלעס שפּאַס

אין שול אַרײַן גערן
גייט גיטעלע באַס,
מעגט איר דאָ הערן
שוין איינמאָל אַ שפּאַס:

גיטעלע האָט קיינמאָל
אין שול נישט פֿאַרפֿעלט,
דאָך האָט זי איינמאָל
אַ סטרײַק אָנגעשטעלט.

געווען איז גראָד ווינטער
אַ שניי און אַ קעלט,
האָט זי דעם טינטער
אין ווינקל געשטעלט.

פּעדער און בלעטל
באַהאַלטן אין שאַנק,
געלייגט זיך אין בעטל
כּלומרשט: זי איז קראַנק.

ברעכט מאַמע די הענט:
וויי מיר און ווינד!
קוים דיך דערקענט,
וואָס איז דיר מײַן קינד?

נעמט גיטעלע שטאַמלען
כּלומרשט פֿון היץ...
נעמען זיך זאַמלען
שכנים אויף טוץ.

בײַם בעטל געבויגן
שטייט מאַמע אַצינד,
קוקט טיף אין די אויגן
און בעט זיך בײַם קינד:

אפשר דיר געבן
אַ לעפּעלע טיי?
זאָג מיר, מײַן לעבן:
וואָס טוט דיר דען וויי?

און אפשר גאָר רופן
אַ דאָקטער צו דיר?
אָדער: ווילסט שלאָפן?
מיר זאָל זײַן פאַר דיר!

הערט גיטעלע און הערט
און ס'טוט איר שוין באַנג,
פאַרוואָס האָט זי באַקלערט
צו מאַכן זיך קראַנק.

און גיטעלע באַשווערט זיך,
אַז דאָ שוין אויפן אָרט
זאָל זי אויף גיך
זיך געבן אַ וואָרט:

אַז שאַפן נישט מערער
דער מאַמען קײַן צער,
נישט נאַרן דעם לערער,
נישט זײַן מער קײַן נאַר.

און באַלד צו דער מאַמען
אַ װוּנק מיטן אויג,
און נישט צו פאַרזאַמען —
אַ הייב זיך מיט נויג;

אַ דריי מיטן קעפּל
און גלײַך צו צום טיש,
געכאַפּט דאָרט אַן עפּל
און פון מאַמען — אַ קוש.

# אַן איינרעדעניש איז ערגער
# פון אַ קרענק

ווו געהערט האָב איך די מעשׂה
טראָגט נישט מײַן זכּרון,
איינס געדענק איך נאָר אויף זיכער:
ס'איז אַ שאָק מיט יאָרן.

איזן איז די גאַנצע מעשׂה
פון אַ נאַריש ייִנגל,
וואָס געזאָגט: אַ לונג־און־לעבער
הענגט אים נאָך בײַם צינגל.

ייִנגלעך האָבן ליב צו שפּאַסן —
ווייסן אַלע קינדער,
איז דער שפּאַס מיט לונג־און־לעבער
נישט קיין גרויסער ווונדער.

לאַכן קינדער, מיינט די מאַמע,
אַז ער טרײַבט ליצנות,
אָבער ייִנגל וויינט און ביטערט,
אוי, סאַראַ רחמנות.

גייען טעג אַוועק ביז זיבן,
געמיינט: ר'וועט פאַרגעסן,
אָבער ייִנגל האָט פאַר קרענקונג
אויפגעהערט צו עסן.

פּרוּווט דער טאַטע און די מאַמע
רעדן און באַווײַזן,
אָבער: נישט עס העלפט מיט גוטן,
נישט עס העלפט מיט בייזן.

זעט מען, אַז עס מוז דעם עקשן
נאָר אַ דאָקטער היילן,
שפּאַנט מען אײַן פערד און וואָגן
און מען טוט זיך אײַלן.

קומט מען צו אַ גרויסן דאָקטער
און מען ווײַזט אים ס׳ייִנגל,
וואָס ער זאָגט: אַ לונג־און־לעבער
הענגט אים נאָך בײַם צינגל.

הערט דער דאָקטער, הייבט די אַקסלען
און זאָגט אַזוי פּאַרקלערט:
אַזאַ קראַנקייט? — זינט כ׳בין דאָקטער
נישט געזען, נישט געהערט.

וויינט דאָס ייִנגל און ער פּעסט זיך:
וואָס ער רעדט, בראָקט ער!
גייט מען מיטן קראַנקן ייִנגל
צו אַ צווייטן דאָקטער.

אויך דער צווייטער, ווי דער ערשטער
ווייסט נישט וואָס צו זאָגן —
מוז מען צו אַ פרישן דאָקטער
שפּאַנען פערד און וואָגן.

אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן
ווען ס׳איז קיין גוטס באַשערט,
אַלע, אַלע ווי דער ערשטער:
אַזאַ קרענק? — נישט געהערט.

זענען טעג אַוועק און וואָכן —
העלפֿן קען דאָ קיינער,
און פֿון ייִנגל איז גיך געוואָרן
בלויז נאָר הויט און ביינער.

קאָנען לענגער טאַטע־מאַמע
דאָס נישט איבערהאַלטן,
פֿאָרן זיי אין וויַטע לענדער
זיך אַן עצה האַלטן.

איין מאָל איז מען אָנגעקומען
אין אַ לאַנד פֿון וווּנדער,
ווּ חכמים, זאָגט מען, זענען
קליינע, פּיצלעך קינדער.

צו דעם ערשטן, בעסטן חכם
גלייַך גענומען איַילן,
און אין איַילעניש גענומען
אַלץ און אַלץ דערציילן.

אויסגעהערט די גאַנצע מעשׂה
מיט אַ קלוגן שמייכל,
און געטראַכט ביַי זיך אין האַרצן:
מ׳דאַרף דאָ האָבן שׂכל.

און צום ייִנגל זאָגט דער חכם:
— ס׳וועט דיך גאָרנישט מיַידן,
וויַיל מען מוז דעם לונג־און־לעבער
פֿון דער צונג אָפּשניידן...

באַלד פאַרבינדט ער אים די אויגן
כּלומרשט: אָפּערירן,
און גענומען מיטן שערל
אויפן צינגל פירן...

און צום פאָטער ווינקט דער חכם:
ר׳זאָל צום קצב לויפן,
און אַ פרישע לונג־און־לעבער
זאָל ער דאָרטן קויפן.

דאָן — אַ קליינעם פּיק אין צינגל,
סתם... אַזוי... אַ ביסל...
און די פרישע לונג־און־לעבער
אַרײַנגעלייגט אין שיסל...

אויפגעבונדן גלײַך די אויגן
פון דעם קראַנקן ייִנגל,
לונג־און־לעבער אים געוויזן
און ס׳בלוט אויפן צינגל.

שטייט דאָס ייִנגל בײַם שפּיגל,
לאַכט און וויינט צוזאַמען,
ס׳איז אַ סוף צו זײַנע לײַדן —
קוועלן טאַטע־מאַמע.

— — — — — — — — —

וועגן דעם פאַראַן אַ ווערטל,
הער זשע גוט און — געדענק:
אײַנגערעדטע זאַכן זענען —
ערגער נאָך ווי קרענק!

## וויגליד

ס'איז די זון געגאַנגען שלאָפֿן
אויף אַ גאַנצער נאַכט,
מאָרגן קומט זי, לאָמיר האָפֿן,
ווידער מיט איר פּראַכט.

אַלץ פֿאַרמאַכט אויף שלאָס און ריגל,
מאַך די אייגעלעך צו,
שלאָף זשע, קינד מײַנס, אײַן אין וויגל
אײַ־ליו־ליו־ליו־ליו.

אײַנגעשלאָפֿן שאָף און רינדער,
אײַנגעשלאָפֿן מיד,
צײַט צו שלאָפֿן שוין פֿאַר קינדער
הער דערווייל אַ ליד:

אונדזער הינטל מיטן פֿינטל
האָט געגעסן שטשאַוו
האַווקעט ער איצט אויפֿן ווינטל
האַוו און האַוו און — האַוו.

גענדזל געגעט אויפֿן וואַסער
סתּם, אַזוי: גאַ גאַ,
אַרויף צו לבֿנה בלאַסער
קוואַקעט זשאַבע: קוואַ...

פֿלינקער שפּרינגער, געלער העזל,
האָט געטאַנצט אויף גראָז
און בײַם שפּיל אין עזל־מעזל
זיך צעקלאַפּט די נאָז.

ליב האָט בינעלע די בלומען
נאָגט די שענסטע בלום,
ביז די זון וועט ווידער קומען —
שלאָפט זי, שלאָפט זום־זום.

שטילער רוישן בלעטער, ביימער,
ס׳רוישט דער וואַלד: שאַ שאַ,
אויפן גאַס גייט איצטער קיינער
שלאָף זשע קינד אַ... אַ...

אויפן הימל שטערן ווינקען
און לבנה לאַכט,
אַלע גרעזער טוי איצט טרינקען —
שלאָף, אַ גוטע נאַכט!

# דער אָדלער און דאָס העזעלע

אויף אַ בוים איז געזעסן אַן אָדלער מיט סאַמעט־שוואַרצע פליגלען. פּלוצעם הערט ער: שור־שור. קוקט ער אַראָפּ, זעט ער: העזעלע, פלינקער־שפּרינגער, שפּרינגט פון איין אָרט אויפן צווייטן און באַהאַלט זיך צווישן אַ פּאָר טרוקענע, געלע בלעטער (אַזוי געל ווי דאָס העזעלע).

פרעגט דער אָדלער פון בוים אַראָפּ: העזעלע, געל־נעזעלע, וואָס שפּרינגסטו אַזוי און פאַר וועמען האָסטו מורא?

דערהערט, אַז ס׳רעדט ווער, האָט זיך העזעלע אַזוי איבער־געשראָקן, אַז די נשמה איז אים שיר נישט אַרויס פאַר שרעק און: שור־שור — ווידער גרייט געווען צו שפּרינגען אין אַ צווייט באַהעל־טעניש. אָבער קוקנדיק אַזוי מיט די העזלישע קאָסאָקע אויגן אויף רעכטס און לינקס, פאַר זיך און הינטער זיך, אַראָפּ אויף דער ערד און אַרויף צום הימל, האָט עס ערשט דערזען דעם אָדלער אויפן בוים זיצן. העזעלע האָט דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט (יעדער קאָן דאָך זיינע שׂונאים) און העזעלע ענטפערט: האָסט דען נישט געזען ווי דער הונגעריקער וואָלף איז דורכן וואַלד געלאָפן? און אַ חוץ וועלף, קלערסטו, זענען פאַראַן ווינציק חיות אויף דער וועלט? און — ווייסטו דען נישט, אַז אייביק ווילן די שטאַרקע אויפפרעסן די שוואַכערע?

אַלץ אויסגעהערט, צעלאַכט זיך דער אָדלער און הייבט זיך אָן באַרימען:

— דיר, העזעלע, קאָן טאַקע יעדער איינער שלעכטס טאָן, ווייַל דו ביסט אַ שוואַך באַשעפעניש... אָבער מיר, דעם שטאַרקן אָדלער, דעם קעניג פון די פייגל, קאָן קיינער גאָרנישט טאָן. זאָל נאָר פּרווון די שטאַרקסטע חיה מיר שלעכטס טאָן, גיב איך אַ מאַך מיט מייַנע

שטאַרקע פליגלען: פּיף־פּאַף — און שוין בין איך העט, אונטער די וואָלקנס...

אָבער, דאָ, פּלוצעם, באַווײַזט זיך פון ווײַטנס עפּעס אַ חיה אינעם וואַלד.

בײַם העזעלע קערן זיך איבער די שיקלדיקע, איבערגעשראָקענע אויגן, קלערט נישט לאַנג און: שור־שור — אַרײַן אין באַהעלטעניש.

דער שטאָלצער אָדלער בלײַבנדיק אַליין, האָט פאַר גרויס לאַנגווײליקייט אַ מאַך געטאָן מיט זײַנע גרויסע סאַמעט־שוואַרצע פליגלען: פּיף־פּאַף — גרייט געווען צו פליִען העט, אונטער די וואָלקנס.

אָבער... דאָ, איז פּלוצעם געפאַלן אַ שאַרפער ביקסן־שאָס פון אַ יעגער, וואָס איז אונטערן צווייטן בוים געשטאַנען און — דער אָדלער איז מיט אַ פאַרבלוטיקטן רוקן אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד...



פאַר די חיות האָט זיך דער אָדלער געקאָנט אויסהיטן, פאַר מענטשן — נישט.

קענטיק — אַ שלעכטער מענטש איז געפערלעכער פאַר דער ערגסטער חיה.

# דער דאָרפסמאַן, דער וואָלף און דער פוקס

אין אַ דאָרף האָט אַמאָל געוווינט אַן אַלטער מאַן, געווען איז ער שטאַרק אָרעם, דערפאַר אָבער — זייער ערלעך און פאַרמאָגט האָט ער אַ גוט האַרץ.

איינמאָל שטייט ער אַזוי אין אַ וואַלד און קלייַבט שפּענער אין זאַק אַרייַן. פּלוצעם לויפט צו אים צו אַ צעשראָקענער, גרויסער וואָלף און בעט זיך בייַ אים, אַז ער זאָל דערבאַרעמען און אים אויסבאַהאַלטן פון די יעגער, וואָס יאָגן אים.

דער דאָרפסמאַן האָט גרויס רחמנות באַקומען אויף דעם וואָלף און אים באַהאַלטן אין זאַק אַרייַן.

באַלד זייַנען אַדורכגעלאָפן די יעגער מיט אָנגעלאָדענע געווערן און האָבן נישט באַמערקט דעם וואָלף.

ווען די געפאַר איז שוין אינגאַנצן אַריבער, האָט דער דאָרפסמאַן אַרויסגעלאָזן דעם וואָלף פון זאַק.

אַז דער וואָלף איז פרייַ געוואָרן, זאָגט ער צום דאָרפסמאַן:

— איצט בין איך זייער הונגעריק און איך מוז דיך אויפעסן.

— האַ? — זאָגט דער דאָרפסמאַן — פאַר דעם, וואָס איך האָב דיר דייַן לעבן געראַטעוועט ווילסטו מיך אויפעסן?

— אַזוי איז עס, — ענטפערט דער וואָלף — פאַר גוטס גיט מען צוריק שלעכטס.

— אויב אַזוי — זאָגט דער דאָרפסמאַן — זאָל מען זיך פרעגן בייַ די ערשטע דריי דורכגייער, צי עס קומט פאַר גוטס — שלעכטס, און אויב אַלע דרייַ וועלן זאָגן יאָ — וועסטו מיך אויפעסן.

— גוט — באַשטייט דער וואָלף.

אין דעם גייט פאַרביי אַן אַלטער הונט. בלייַבט בייַ זיי צו פרעגן דעם הונט. פרעגט מען:

— איז ריכטיק, אַז פאַר גוטס קומט שלעכטס?

— יאָ — ענטפערט דער הונט — אָט אַ שטייגער איך, ווען איך בין יונג געווען בין איך געלאָפן מיט מייַן באַלעבאָס אויף געיעג; געטרייַ געהיט זייַן פאַרמעגן; געבולן, געביסן, נישט צוגעלאָזן קיין

גנבֿ, און הײַנט, אַז איך בין אַלט און שוואַך לאָזט מיך מײַן באַלע־באָס איבער זײַן שוועל נישט אַריבער.

בלײַבט אויסהערן נאָך צוויי דורכגייער.

גייט פֿאַרבײַ אַן אַלט פֿערד. פֿרעגט מען:

— איז ריכטיק, אַז פֿאַר גוטס קומט שלעכטס?

— יאָ! — ענטפֿערט דאָס פֿערד — ווען איך בין יונג געווען האָב איך געשלעפּט בײַ מײַן באַלעבאָס די שווערסטע פּעק און געטאָן די שווערסטע אַרבעטן, אָבער הײַנט, אַז איך בין אַלט און קראַנק וויל מיך מײַן באַלעבאָס פֿאַרקויפֿן צום שינדער.

בלײַבט צו פֿרעגן בײַם דריטן.

גייט פֿאַרביי דער קלוגער פֿוקס. פֿרעגט מען:

— איז ריכטיק, אַז פֿאַר גוטס קומט שלעכטס?

— יאָ! — ענטפֿערט דער פֿוקס — אָבער איך ווייס נישט, וואָס פֿאַר אַ גוטס דער מענטש האָט דיר געקענט טאָן.

האָט דער וואָלף דערציילט פֿאַר דעם פֿוקס די גאַנצע געשיכטע.

זאָגט דער פֿוקס: יאָ, אָבער איך צווייפֿל אויב דו זאָגסט אמת?

— ווײַל איך קאָן מיר גאָרנישט פֿאָרשטעלן, אַז אַזאַ גרויסער וואָלף ווי דו ביסט, זאָל קאָנען אַרײַן אין אַ זאַק?

האָט דער וואָלף נישט לאַנג געקלערט און איז אַרײַן אין זאַק. דער קאָפּ אָבער איז נאָך געבליבן אין דרויסן.

זאָגט דער פֿוקס:

— זעסטו, אַז דו קענסט נישט אַרײַן. שטופּ אַרײַן דײַן קאָפּ טיף אין זאַק אַרײַן וועל איך דיר גלייבן.

דער וואָלף האָט געהערט דעם פֿוקס און אַזוי געטאָן.

ווען דער וואָלף האָט געהאַט אַרײַנגעשטעקט זײַן קאָפּ טיף אין זאַק, האָט דער פֿוקס געטאָן אַ ווונק צום דאָרפֿסמאַן, אַז ער זאָל שנעל פֿאַרבינדן דעם זאַק.

— און איצט — זאָגט דער פֿוקס צום דאָרפֿסמאַן — קענסטו גיין אַהיים.

# זײַן ערשטער פּלי

אילן האָט זייער ליב דעם קיבוץ, ווײַל עס איז פֿאַראַן אַ פּעלד, ווו מען קאָן קריכן צווישן די בייטן און העלפֿן אַראָפּנעמען די גרינסן; אַ פּרדס, צו קלעטערן אויף די ביימער און רײַסן די פּירות; אַ באַסיין, ווו מען באָדט זיך צוזאַמען מיט די איבעריקע קינדער; אַ שפּיל־פּלאַץ. ערשט דער לול, די שטאַל, די בינשטאָקן — גאַנצע וועלטן. בלויז דאָס? ווען דער טאָג זאָל זיך ציִען אייביק און אייביק, וואָלט אויך געווען וואָס צו טאָן.

טרעפֿט אַז ס׳ווערט אים נמאס דאָס אַלץ — ציט ער זיך אויס אויפֿן גראָז, ווי גרויס ער איז, מיטן פּנים אַרויף, און קוקט צו די וואָלקנס. פֿאַרנאַכט קוקט ער ווי די זון זעצט זיך. ביז זי פֿאַרשווינדט פֿון האָריזאָנט; אין אָוונט האָט ער ליב צו זען ווי די שטערן שטעלן זיך אויס. אָבער מער פֿון אַלץ האָט ער ליב צו רײַטן. אויף אַ פֿערד, אַן אייזל, אַפֿילו אויף זײַן הונט רעקסי — אַבי רײַטן. וווּ ער שמועסט זיצן מיט זײַן טאַטן אויפֿן טראַקטאָר — האָ, האָ!

דאָס אַלץ? ס׳הייבט זיך נישט אָן. און נאָכקוקן עראָפּלאַנען איז גאָרנישט? ווי נאָר ער דערהערט דאָס רוישן פֿון אַן עראָפּלאַן, אַזוי פֿאַרהייבט ער דעם קאָפּ און לאָזט אים שוין נישט אַרויס פֿון אויג, ביז ער פֿאַרשווינדט. דערנאָך קאָן ער אַזוי אָפּשטיין מיט אַ פֿינגער אין מויל און קוקן צום הימל. קאָן זײַן, אַז ער טראַכט עפּעס. ווער ווייסט? סײַ ווי — די קינדער לאַכן נישט פֿון אים, ווײַל אויך זיי האָבן ליב נאָכצוקוקן עראָפּלאַנען, און ווייסן שוין אָנצורופֿן יעדן איינעם בײַם נאָמען. דער איז אַ מיג, יענער אַ מיראַזש, אַ העליקאָפּטער.

ווער האָט זיי דאָס אַלץ אויסגעלערנט? — רמי, וואָס האָט אַ ברודער אַ פּליִער, רמי באַרימט זיך, אַז איידער אַ טראַקטאָר גייט

איבער איין מאָל דאָס פּעלד, איז זײַן ברודער שוין אין עק וועלט.
די קינדער זענען אים שטאַרק מקנא. מערער פאַר אַלעמען — אילן.

איין מאָל אין יאָר קומט צו זיי דער פעטער שלמה פון חיפה. אילן האָט זייער ליב דעם פעטער שלמה. ערשטנס, ברענגט ער אים תּמיד אַ מתּנה, אָבער דער עיקר צוליב די מעשׂיות זײַנע. פון וואַנען נעמט זיך צום פעטער אַזוי פיל שיינע מעשׂיות?

הײַנטיקס מאָל האָט דער פעטער דערציילט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אילנען אויסגעזען צו זײַן אומגלויבלעך — אַז ער פליט דעם הײַנטיקן זומער קיין פּאַריז. ער באַקומט אַ פרײַען בילעט אויפן עראָפּלאַן פון דער פלי־געזעלשאַפט אל־על, ווו ער אַרבעט. אילן האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט דעם, אַז ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און ס'האָט זיך אים געגומען דוכטן, אַז ער טראָגט זיך צוזאַמען מיטן פעטער איבער די וואָלקנס ווײַט, ווײַט.

ער האָט שוין מער נישט געהערט וואָס מען רעדט, ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן בײַם טיש, און די מאַמע זײַנע האָט אים געמוזט אויסטאָן און לייגן אין בעט אַרײַן.

אין דער פרי זאָגט צו אים זײַן פאָטער: ווייסט, אילן, דער פעטער האָט געזאָגט, אַז דעם צענטן יולי פליט ער קיין פּאַריז, און אויב דו וועסט זײַן אַ גוטער ייִנגל, וועט ער דיך מיטנעמען.

אילן האָט די אייגענע אויערן נישט געגלייבט. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן ווי הויך ער האָט געקאָנט און אַרויסגעלאָזן אַ פריידיקן קוויטש. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פאָטערס שויס און צוגעזאָגט צו זײַן אַ ווויל, אַ גוט ייִנגל.

פון יענעם אין דער פרי האָט אילן יעדן טאָג, זיך געהאַלטן אין איין פרעגן צו הײַנט איז שוין דער צענטער יולי.

ענדלעך האָט אילן באַמערקט ווי אין שטוב נעמט מען זיך גרייטן: די מאַמע פּאַקט־אײַן אין זײַן שוועסטערס קליינער וואַליזע די שיך, דאָס נײַע אָנצוגל און די וועש. מיט זײַן שוועסטער גרויסט ער זיך — זי איז אין מיליטער. אין זײַנע אויגן איז זי אַ גענעראַל, כאָטש זי טראָגט נאָר דרײַ בענדלעך מיט אַ שטערנדל אויף די אַרבל. אויך דאָס, וואָס זײַנע זאַכן זענען אײַנגעפּאַקט אין דער

שוועסטערס וואַליזקע פּילט אים אָן מיט שטאָלץ — ער איז שוין אַ גרויסער!

אין דער פרי איז טאַקע געקומען דער פעטער שלמה און צוזאַמען איז מען געפאָרן מיטן „אל־על״־אויטאָבוס צום פּלי־פּלאַץ. אויפן גלאַטן אַספאַלט אין לוד איז שוין געשטאַנען גרייט אַ ריזיקער שטאָלענער אָדלער. אילן, וועלכער האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען קיין עראָפּלאַן פון דער נאָענט האָט זיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער האָט זיך גענומען טוליען צום פעטער.

דער פעטער האָט געלאַכט פון אים: מנע! האָסט דאָך פון לאַנג געחלומט פון פליִען, איז וואָס האָסטו זיך פלוצעם דערשראָקן ווי אַ קליין קינד? אילן איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן.

דער פעטער האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און אַרויפגעפירט אויפן עראָפּלאַן. אילן איז אַרויף אויף די טרעפּלעך און זיך אומגעקוקט. אויף יענער זײַט באַריער זענען געשטאַנען אַ סך, אַ סך מענטשן און געפאָכעט מיט ווײַסע טיכלעך, צווישן זיי — זײַנע טאַטע־מאַמע.

באַלד איז אַרויסגעקומען אַ מאַן אין אַ גרוי־בלויען מונדיר, געגעבן אַ צייכן און — דער עראָפּלאַן האָט גענומען רירן. צוערשט גאַנץ נידעריק, ווי אַן אויטאָבוס. אָבער באַלד האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און גענומען שוועבן אין דער לופטן אַלץ העכער און העכער.

אילן האָט זיך דערשראָקן, אָבער דעם פעטערס רויִקער שמייכל האָט אים באַרויִקט. ער קוקט־אַרויס דורכן פענצטערל צום הימל. ער זעט דאָרט גאָרנישט, נישט אינטערעסאַנט. קוקט ער אַראָפּ אונטן — עפּעס מאָדנע זאַכן: — שוואַרצע פלעקן, ווי אויף זײַן העפט, באַלד — גלייכע, לאַנגע שטריכן.

— וואָס איז דאָס? פרעגט אילן בײַם פעטער.

— דאָס זענען הײַזער, גאַסן, שטעט.

— און אָט די גרינע, געלע און שוואַרצע קוואַדראַטן?

— דאָס זענען פעלדער.

— און דער־אָ בלוי־ווײַסער שפּיגל, וואָס ציט זיך אַזוי לאַנג?

— דער ים.

דער פּעטער האָט אויף אַלץ געענטפערט. ס׳אַראַ טײַערן פּעטער ער האָט. דעם בעסטן אין דער וועלט — טראַכט אילן.

ער פליט און פליט. ס׳זעט אים אויס ווי אַן אייביקייט, און פּלוצעם — אַ קאַטאַסטראָפע! ער נעמט פאַלן שנעל אַראָפּ, אַראָפּ, בומץ — ער טוט אַ פאַל אויף דער ערד און באַוויַיזט קוים אַ געשריי צו טאָן, אָבער... דער פּעטער ציט אים בײַם אַרבל און פרעגט:

— וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

— הם... גאָרנישט... ענטפערט אילן אַ פאַרשעמטער און ס׳טוט אים שטאַרק באַנג דער דרימל. ווער ווייסט וואָס ער האָט אַלץ פאַרשפּעטיקט צו זען. ער כאַפּט זיך צו צום פענצטערל און זעט ווי עפּעס רויכערט פון ווײַטנס.

— וואָס רויכערט דאָרט?

— דאָס זענען די אַלפּן־בערג.

אילן קוקט זיך גוט צו און זעט ווי פון די בערג הייבן זיך אויף נעפּלען, ווי גרויסע חיות, וואָס קריכן אויף די בײַכער. אָבער אָט האָט דער הימל גענומען ווערן ריין.

פּלוצעם פילט ער ווי דער עראָפּלאַן נעמט זיך בייגן אַמאָל אויף רעכטס, אַמאָל אויף לינקס און נעמט זיך אַראָפּלאָזן גלײַך אויף אַ שטאָט.

— אַ קאַטאַסטראָפע! — שרײַט אילן אויס און כאַפּט אָן דעם פּעטער פאַר דער האַנט.

— שרײַ נישט — שמייכלט דער פּעטער — מיר לאַנדן.

— ווי אַזוי אילן האָט זיך געפילט אין פּאַריז, און וואָס ער האָט דאָרט אַלץ געזען — פרעגט נישט. טעג און נעכט האָט ער געהאַט וואָס צו דערציילן פאַר זײַנע חברים אין קיבוץ.

# מאָטל באַרימער

אַלע, דוכט זיך, קאָנען מאָטלען! כ'וועל דעריבער לאַנג נישט בריַיען, וועל נאָר היַינט איַיך דאָ דערציילן מאָטלס אָפּטע באַרימע־ריַיען.

איזן איז ער גאָר אַ פּחדן, וואָס האָט מורא פאַר אַ שטרוי;
נאָר אַ מויל האָט ער אויף שרויפן, וואָס באַרימט זיך אָט אַזוי:

— ער צערייסן קאָן אַ לייב מיט דער האַנט ווי שמשון הגיבור;
מיט אַ שנעל פון קליינעם פינגער — לייגט ער אַוועק דעם גרעסטן טיגער.

און ער וויל איר זאָלט אים גלייבן, אַז פאַר אים איז גאָרנישט שווער — מיט אַ בלאָז פון זיַינע ליפּן אומצוואַרפן אַ ברוינעם בער.

איז אַ קונצנמאַכער איינער, קאָן אַ טאַנץ־גיין אויף אַ קעמל;
איַינצושלינגען צוויי פאַר אָקסן — לײַכטער ווי ביַי איַיך אַ זעמל.

ריַיטן קאָן ער — פייל פון בויגן אויף אַ ווילדן אָדלער־פערד,
און אַ שעה די וועלט דורכפליִען נישט באַרירן צומאָל די ערד.

אים נישט שווער קיין זאַך דערגרייכן (אויב ער זאָל זיך גוט באַקלערן), ווען ער זאָל, אַ שטייגער, וועלן — קאָן ער כאָטש אַ קייסער ווערן!

זומער זאָגט ער, אַז ווינטער אויפן איַיז איז ער דער בעסטער גליטשער; ווינטער לייגט ער אָפּ אויף זומער. אָט, אַ באַרימער, אָט, אַ שוויצער!

מאָטל רימט זיך פאַר חברים:

— ס'וועט קיין וואַסער אים נישט נעמען, ווען ער זאָל אין פיַיער שפּרינגען — וועט אים פיַיער נישט פאַרברענען.

לאַכן יאָטן אין די פויסטן. קיינער קאָן אים נישט פאַרליַידן.
זיַינע אַלע פלוידעריַיען — וויל דאָך קיינער אים נישט גלייבן.

טראַכטן חברה און זיי קלערן ביז... איינמאָל ווינטער — הערט מיט אויער — האָבן זיי פאַרטראַכט אַ שפּיצל, איז דאָס אַלץ אים גוט קאַפּויער...

צוגעגאַנגען זענען יאַטן מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ קוויטש: „זע, דאָס איז ווי שפּיגל גלאַטיק! קום, מאָטל, אויפן גליטש!"

מאָטל פיבערט, שטעלט מיט ציטער אומגעלומפּערט זײַנע פּיס; אונדזער העלד, בײַם ערשטן טריט נאָר — אויסגעגליטשט זיך ווי גרויס ער איז!

לאַכן חברה פון באַרימער, פון זײַן פּאָזע, זייער מיאוס. נאָר מאָטל קרעכצט און שעמט זיך, ווייל צעקלאַפּט זיך ביידע פּיס.

קיינער האָט אויף אים ניט קיין רחמנות, ווײַל זיי קענען און זיי ווייסן, אַז עס איז פאַראַן אַ ווערטל: „אַ באַרימער איז גוט צו שמײַסן".

# נישט אָפּלאַכן פון קיינעם

ציפּי איז אַ גרויסע שטיפערקע און פון יעדער קלייניקייט לאַכט זי. אין אירע אויגן קוקן אַ סך זאַכן אויס קאָמיש. ווען זי דערזעט בײַ אימיצן עפּעס וואָס איז נישט אַזוי גלײַך, קײַכט זי באַלד פון געלעכטער. אַפילו פון טרויעריקע זאַכן, וואָס טרעפן זיך בײַ מענטשן — לאַכט זי.

נישט איינמאָל האָט שוין די מאַמע צו איר גערעדט: באַרעכן זיך, ציפּי, וואָס איז דאָ צו לאַכן פון אַ טויבן אָדער פון אַ בלינדן?

— עס איז אמת, מאַמע טײַערע, אָבער וואָס קאָן איך מיר העלפן, אַז דער טויבער ענטפערט פּאָרט נישט צו דער זאַך, און דער בלינדער קריכט תּמיד צו צו דער וואַנט.

אַנומלט האָט די מוטער מיטגענומען ציפּין אין שיך־געשעפט, כּדי צו קויפן איר אַ פּאָר שיך. געווען איז עס אין אַ קאַלטן ווינטער־דיקן טאָג. דער טעלעוויזיע־ספּיקער האָט געמאָלדן, אַז בײַנאַכט וועט אויפן חרמון פאַלן אַ שניי, און אפשר אויך אין ירושלים.

דאָס מאָל איז ציפּי אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און גלײַך צום פענצטער. זי איז געשטאַנען ווי פאַרכּישופט. פאַר אירע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ וווּנדערלעך בילד: דיביימער, דעכער און די גאַסן זענען געווען געהילט אין ווײַסן. ס'האָט אויסגעזען פּונקט ווי אין די ביכלעך וואָס זי לייענט, אָדער, וואָס זי זעט אין טעלעוויזיע חנוכּה־צײַט.

ציפּי גייט מיט איר מאַמען און די מענטשן אין גאַס האָבן זיך נישט געאײַלט, געשטעלט פאַמעלעכע טריט און זיך געהיט נישט אויסצוגליטשן, ווײַל דער פאַרפראָרענער שניי איז געווען גלאַט ווי גלאָז. ציפּין איז דאָס גראָד געווען געפעלן. אַנהאַלטנדיק זיך אין דער מאַמעס האַנט האָט זי זיך גענומען גליטשן אויפן טראָטואַר, שיִער נישט מיטשלעפּנדיק די מאַמען.

שוין נאָענט צום שיך־געשעפט איז זיי אָנטקעגן געקומען אַ הויכער מאַן מיט אַ שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס, און איידער וואָס־ווען־ באַ! דער הויכער מאַן האָט זיך געגעבן אַ ציִ אויס אויפן טראָטואַר. דער פאַל איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז דער מאַן האָט זיך גוט צעקלאַפּט. ער איז געבליבן ליגן און זיך נישט געקאָנט רירן. ער האָט נאָר שווער געקרעכצט פון ווייטיק. עס זענען אָנגעלאָפן מענטשן, גענומען פּילדערן, טומלען. באַלד איז אָנגעקומען אַן אַמבולאַנס און צוויי באַברילטע מענער אין ווײַסע כאַלאַטן האָבן אָוועקגעלייגט דעם מאַן אויף אַ טראָגבעטל אין אַמבולאַנס, און שנעל אַוועק מיט אַ שאַרפן טרובען איבערן גאַנצן וועג.

ציפּי? — זי האָט די גאַנצע צײַט געלאַכט אויפן קול און די אַרומיקע מענטשן האָבן געהויבן מיט די אַקסלען. ציפּיס מאַמע האָט אַ פאַרשעמטע געביסן די ליפּן און אַרײַן אין שיך־געשעפט.

אַז זיי זענען געקומען אַהיים האָט די מאַמע אַלעמען אַלץ דערציילט.

אַלע אין שטוב האָבן ציפּין גענומען אויסרעדן:

— אַ מענטש צעברעכט אַ פוס און דו לאַכסט גאָר? לאַכן פון אַ מענטשס אומגליק?

— ווען איר וואָלט געזען — האָט ציפּי זיך געפּרוווט פאַרענטפערן — ווי אַזוי אַזאַ גרויסער מאַן האָט זיך געגעבן אַ גליטש און אַ ציִ אויס, וואָלט איר אַליין אויך געלאַכט.

אויף אַלץ און אַלעם קומט דאָך אָבער אַ צײַט. האָט זיך געטראָפן אַזאַ מעשׂה:

אין די זומער־טעג, ווען די שולן זענען צו, די קינדער האָבן וואַקאַציע, איז ציפּי געזעסן אין שטאַטישן פּאַרק און געלייענט אַ בוך.

אַן עלטערער ייִד, וואָס איז געזעסן אויף דער זעלבער באַנק אין פּאַרק, צו געניסן פון דער גוטער לופט, האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס לייענסטו, טאָכטער?

— איך לייען „טוביה דער מילכיקער" — ענטפערט זי.

— ווער איז ער, דער „טוביה דער מילכיקער"?

— איר האָט נישט געלייענט טוביה דער מילכיקער? — וווּנ־דערט זיך ציפּי.

— ניין, איך קאָן נישט לייענען — ענטפערט שטיל דער אַלטער.

ציפּי האָט געוואָלט אָנהייבן לאַכן, אָבער זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן. אַ דערוואַקסענער מענטש זאָל נישט קאָנען לייענען? און זי האָט אים געפרעגט:

פאַרוואָס האָט איר זיך נישט געלערנט לייענען?

דער אַלטער האָט זיך אַ ביסל צוגעקוקט צו ציפּין, ער האָט געפינטלט מיט די אויגן און זי געפרעגט:

— ווי אַלט ביסטו, מײַן קינד?

— עלעף יאָר — האָט ציפּי געענטפערט.

— ווען איך בין אַלט געווען עלעף יאָר, האָט דער אַלטער געזאָגט, האָב איך שוין געהאַט געאַרבעט אין אַ פאַבריק דרײַ יאָר. מײַן טאַטע איז געשטאָרבן פון שווערער אַרבעט, האָב איך געמוזט העלפן מײַן מאַמען אויסהאַלטן אונדזער שטוב. איך האָב געהאַט קלענערע שוועסטער און ברידער. עס איז געווען אַ שווערע צײַט. מײַן מאַמע האָט נישט געהאַט קיין געלט מיך צו לערנען. פאַרשטייסטו דאָס, מײַן קינד? — דער אַלטער האָט פאַרענדיקט זײַנע רייד און ביידע זענען געבליבן זיצן שטיל און פאַרטראַכט.

ציפּי האָט פאַרשעמט געהאַלטן אירע אויגן אַראָפּגעלאָזן, זי האָט זיך געפילט שולדיק קעגן אַלטן און קעגן אַלע לײַדנדיקע מענטשן. זי האָט באַשלאָסן, אַז פון איצטער אָן וועט זי שוין פון קיינעם נישט אָפּלאַכן. ווען יענער לײַדט, טאָר מען נישט אָפּלאַכן, נאָר מיטפילן און העלפן.

האָט זי טאַקע אָנגעהויבן העלפן די לײַדנדיקע מיט וואָס נאָר זי האָט געקאָנט.

אַן אַנדערע ציפּי געוואָרן.

# אויף אַ פּורים־באַל

זינט דער לערער צבי האָט אָנגעזאָגט זײַנע שילער, אַז דער שול־ראַט האָט באַשלאָסן אײַנצואָרדענען אַ פּורים־באַל, איז ראָפין נישט צו דערקענען. ער טראַכט כּסדר פאַר וועמען זיך פאַרשטעלן? צענדליקער אײַנפאַלן קומען אים אויפן זינען און אַלע אַזעלכע אָריגינעלע, אינטערעסאַנטע, אַז ס׳איז שווער אויסצוקלײַבן. ענדלעך האָט ער עפּעס צוגעטראַכט. דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אַרבעט: שערן, קלעפּן, מעסטן און קוקן אין שפּיגל.

צוויי טעג פאַרן באַל איז שוין קײנעם פון די שילער נישט געווען צו דערקענען. יעדער איינער איז געווען פאַרטאָן אין דעם סוד פון זײַן מאַסקע. מען האָט געקאָנט אַראָפּלייענען דענערווירונג און דערוואַרטונג. און — עס האָט געלוינט!

אויפן גרויסן זאַל, ווו דער באַל קומט פאָר איז אַ טומל, אַלע באַגעגענען יעדער מאַסקע מיט אַ הילכיקן בראַוואָ.

וועמען זעט מען דאָ אַלץ נישט? אָט גייט־אַרום איבערן זאַל שלום עליכם מיט די כאַראַקטעריסטיש־צעוואָרפענע האָר, די ברילן אויפן נאָז, אַ ביכל אונטערן אָרעם און שמייכלט, שמייכלט צו אַלעמען אַזוי ליבלעך, אַזוי שלום עליכמדיק, אַז חברה רופן־אויס: זע, פּונקט ווי אין ביכל! הינטער אים גייען נאָך טוביה דער מילכיקער, מנחם מענדל, דער יתום און אַנדערע שלום־עליכמס העלדן. דאָס זעלבע: פּרץ, מענדעלע, ביאַליק, אַאַ.

אויפן זאַל שפּאַצירן אַרום — פּירערס פון דער מדינה און — יאַפּאַנער, אַראַבער, אינדיאַנער, זעלנער, פײַערלעשער, בערן, קעץ, שדים און ווער אַלץ נישט?

חברה פּרוּוון טרעפן ווער ס׳איז ווער. אויך דער לערער צבי וואָס איז געקומען אָן אַ מאַסקע שטייט אין מיטן און זאָגט־אַרויס

זײַנע מײנונגען. דאָ עפנט זיך די טיר און — דער „לערער צבֿי״ קומט אַרײַן.

אַלע בלײַבן מיט אָפֿענע מײַלער און קוקן אױפֿן אַרײַנגעקומענעם, צוערשט קוקן זיך בײדע צבֿיס אָן שװײַגנדיקע, באַטראַכטן אײנער דעם צװײטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און דערלאַנגען זיך די הענט.

— דו האָסט עס געמאַכט אױסגעצײכנט! — זאָגט דער ערשטער צום צװײטן, אָבער... דער צװײטער זאָגט דאָס זעלבע צום ערשטן:

— דו האָסט עס געמאַכט אױסגעצײכנט! און מאָדנע: בײדע זײ האָבן דאָס זעלבע קול.

חברה װאָס קאָנען זײער לערער װי די אײגענע צען פֿינגער, פֿינטלען מיט די אױגן דאָ אױף דעם, דאָ — אױף יענעם און קאָנען נישט װיסן װער ס׳איז אין דער אמתן דער לערער.

און דאָ — פּראַלט זיך אױף די טיר און ס׳קומט אַרײַן אַ העלפֿאַנט, װאָס פֿירט מיט שװערע טריט אַ מײדל מיט פֿאַרמאַכטע אױגן. דאָס מײדל איז אָנגעטאָן אין אַ װײַסן קלײד, מיט אַ גאָלדענע קרױן אױפֿן קאָפּ. אַלע רופֿן־אױס: די שלאָפֿנדיקע בת־מלכּה.

װען דער זײגער שלאָגט־אױס צװעלף, װערן די לאָמפּן פֿאַרלאָשן און װען עס װערט צוריק ליכטיק, קומט אַרײַן אַ פּאַרשױן אין אַ ברײטער פּעלערינע מיט אַ גאָלדענער קרױן אױפֿן קאָפּ און מיט אַ סצעפּטער אין האַנט. ער שטעלט זיך אַװעק אין מיטן זאַל און רופֿט־אױס פֿײערלעך:

איך בין דער מלך, דער טיפּש, דער נאַר
איבער הונדערט און מער מדינות דער האַר,
איז מײַן האַרץ מיר לוסטיק און פֿרײלעך
באַפֿעל איך אַ סעודה — כּיד המלך!

חברה האָבן דאָס אױסגעקוקט און קנאַקן אױף בײדע באַקן — פֿון שענסטן און בעסטן, זענען אױך מכבד דער בת־מלכּה מיט אַ ביסל נאַשװאַרג. זי גיט זיך אָבער קײן ריר נישט — זי שלאָפֿט.

אָבער דער העלפֿאַנט שלינגט אײַן אַלץ וואָס מען דערלאַנגט אים.
וויפֿל מען זאָל אים נישט אַרײַנלייגן אין דער לאַנגער טראָמבע.

נאָך דער סעודה נעמט דער מלך פֿירן אַ טאַנץ, און ווי נאָר די בת־מלכּה הערט שפּילן, האָט זי פֿאַרגעסן אַז זי שלאָפֿט און גייט אַ טאַנץ, איבערלאָזנדיק דעם העלפֿאַנט מיט אַ לאַנגער נאָז...

פֿאַר גרויס פֿאַרדראָס האָט דער העלפֿאַנט אַרויסגענומען פֿון דער טראָמבע דאָס גאַנצע „אײַנגעשלונגענע" נאַשוואַרג און גענומען דאָס עסן.

נאָכן טאַנץ האָט דער מלך אויסגערופֿן אַ קאָנקורס פֿאַר דער שענסטער מאַסקע.

אָפּגעגעבן די שטים־צעטלען, האָט דער מלך אַ שאַרפֿן קלונג געטאָן מיט אַ גלעקל און דער פֿאָרזיצער פֿון זשורי האָט געמאָלדן, אַז דעם ערשטן פּריז האָט באַקומען די מאַסקע פֿון לערער צבי.

— בראַוואָ! האָבן אַלע הילכיק אויסגערופֿן. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ קער־געטאָן צום אָרט, וווּ עס זענען געשטאַנען צוויי מענטשן, ביידע ענלעך צו זיך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

דער זאַל האָט זיך אַ וויג־געטאָן: **ראַפּי!**

# יעדעס פאַך צוגלײַך —
# מאַכט די מענטשהייט רײַך

איינמאָל זיך פאַרגלוסט די פאַכן
איינס פון צווייטן אָפּצולאַכן.

שוסטער האָט געלאַכט פון בעקער,
אַז ער טויג גאָר פאַר אַ העקער;
ווײַל אַ בעקער נעמט אַ טייגל
און ער מאַכט אַ לאָך אין בייגל.

זאָגט דער שנײַדער צו דעם שוסטער:
שטענדיק ניסט ער, שטענדיק הוסט ער;
אַ יעדער שוסטער, ווייסט מען וויל —
גייט אַליין אַרום אָן זויל...

קומט דער שמיד און לאַכט פון שנײַדער,
אַז ער טויג נאָר צו קליידער:
נייט און נייט אַ גאַנצע וואָך —
לייגט אַ לאַטע לעבן לאָך.

און צום סטאָליער זאָגט דער דאָקטער:
אָט פּאָלירט ער און אָט טאָקט ער;
סטאָליער מאַכט אַ טיש, אַ קאַסטן
און זײַן ווײַב בײַ אים מוז פאַסטן.

טרעט דער סטאָליער צו צום דאָקטער
און אַזוי צו זאָגן זאָגט ער:
סטאָליער מאַכט אונדז טישן, בענק,
אָבער דו — פאַרשטייסט אַ קרענק!..

האָט דער קלוגער זיי דערקלערט:
ס׳האָט יעדעס פאַך אַ גלײַכן ווערט!
ווײַל וואָלט אַ פאַך נאָר אויסגעפעלט —
וואָלט דער מענטש דײַן שטאַרק געקוועלט...

וואָלט, אַ שטייגער, ניט זײַן אַ שנײַדער —
וואָלט דער מענטש געגאַן אָן קליידער;
ווען דער שוסטער זאָל נישט זײַן —
וואָלטן מענטשן באָרוועס גיין;

וואָלט נישט פויער זייען קאָרן —
האָט נישט מילנער וואָס צו מאָלן;
ווען דער בעקער באַקט נישט ברויט —
וואָלט דער מענטש געליטן נויט.

אויך דער מאָלער און דער דיכטער,
סײַ דער לערער, סײַ דער ריכטער —
זענען פאַכן אין דער קייט,
וואָס פאַרשאַפט דער מענטשהייט פרייד!

# יעדער זאַך האָט איר געשיכטע

דאָס איז אַ מעשׂהלע וועגן אַ מיידעלע שושנהלע פון רמת־גן און אירע שפּילזאַכן.

נישט צו יעדער זאַך האָט שושנהלע די זעלבע באַציִונג. פאַראַן זאַכן, וואָס ווערן איר שוין פון ערשטן טאָג אָן גלייכגילטיק, פאַראַן אָבער אַזעלכע, וואָס ווערן איר קיינמאָל נישט פאַרמיאוסט.

צווישן די ליבסטע זאַכן איז בײַ איר דאָס רויטע קיך־געשיר, דערהויפּט — דער וווּנדער־טאָפּ, וווּנדערלעכע מאכלים פּרעגלט זי און קאָכט אין די טעפּ.

אָבער צום ליבסטן פון אַלע זאַכן האָט זי די ליאַלקע פּיק וואָס דער פעטער האָט געשיקט פון אַמעריקע, קאָן זײַן צוליב דער שיינער קרינאָלינע און קאָן זײַן צוליב דעם, וואָס בײַ יעדן דריק אויפן בײַכל שרײַט זי אויס מיט אַ דין קולכל: „פּיק״.

איינמאָל איז שושנהלע מיט אירע עלטערן אַוועקגעפאָרן אויף אַ גאַנצן טאָג קיין תל־אביב.

אין אָנהייב האָבן די זאַכן אירע נישט געאַנט, אַז זיי געפינען זיך אַליין אין צימער, אָבער ווען עס איז פאַרבײַ אַ שעה נאָך אַ שעה און די טיר האָט זיך נישט געעפנט, האָבן זיי זיך ערשט געכאַפּט, אַז זיי געפינען זיך אַליין. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע באַוועגונג און שעפּטשערײַ:

— מנע ! ווי לאַנגווייליק דער הײַנטיקער טאָג ציט זיך — האָט זיך געהערט ליאַלקע פּיקס דין קולכל.

— טאַקע ! טאַקע ! — האָט דאָס קליינע ראָזע ליאַלקעלע, וואָס שטייט תמיד צופוסנס פון דעם עלעקטרישן טיש־לאָמפּ, מיט אַ פינגער אויף די רויטע ליפּעלעך פּאַטאַקעוועט.

— לאַנגווייליק — האָט אונטערגעכאַפּט דאָס קליינע ביכל, וואָס האָט אָנגעשטעקט דעם איבעריקן שפּילצײַג.

— אפשר אָנשטעלן דעם ראַדיאָ? — האָט געפרעגט די העל־ברוינע קאַטשקע מיטן לאַנגן, גרינעם האַלדז און געלע פּלאַ־טשיקע פּיס.

— פון װען אָן זענען דאָס קאַטשקעס אַזױ מוזיקאַליש? — פרעגט פאַרװוּנדערט דאָס ביכל.

— פון זינט איך זיץ אױפן ראַדיאָ! — גרױסט זיך די קאַטשקע און פּאַרציט איר געלן אָפּגעריבענעם שנאָבל.

דער קלײנער מעטאַלענער העלפאַנט, װאָס שטײט אױך אױפן ראַדיאָ קעגנאיבער דער קאַטשקע, האָט אױפגעהױבן זײַן לאַנגע נאָז, הילכיק זיך צעלאַכט און גענומען אָפּחוזקן פון דער קאַטשקע:

— טאַקע געװאָרן אַזױ מוזיקאַליש, אַז װען עס זינגט אַ באַס דורכן מיקראָפאָן נעמט זי זיך דרײען אין אַלע זײַטן ביז... זי מאַכט אַ קאָזשעליק אױף דער ערד...

— דאָס טאַנץ איך אַזױ צום טאַקט — פאַרענטפערט זיך די קאַטשקע — אָבער פּרוּװ נאָר דו, העלפאַנטל, אונטערהײבן דײַנע קלעצער־פּיס?

— איך האָב נישט ליב, אַז מען קריגט זיך — זאָגט ליאַלקע פּיק מיט איר דין קולכל:

— בעסער װאָלט אונדז דאָס ביכל עפּעס דערצײלט. מען זאָגט, אַז ביכלעך זענען קלוג און װײסן אַלץ.

— אוודאי װײס איך אַלץ — ענטפערט דאָס ביכל — אָבער איצט איז שױן טונקל און איך זע נישט צו לײענען. איך װאַרט שױן, מען זאָל אָנצינדן די עלעקטרישע ליכט, איך האָב ליב ליכט.

— און איך האָב ליב זון און געזאַנג! — האָט שטיל און פאַרבענקט געזאָגט דער שטאַרק געפאַרבטער פּאַיאַץ, װאָס װאַרפט מיט די הענט און פּיס, װען מען ציט אים פאַר אַ שטריקל, — צו דער זון בענק איך! כאַטש צו אַזאַ, װאָס קוקט צו אונדז אַרײַן יעדן טאָג דורכן פענצטער.

— כאַטש צו אַזאַ? — װוּנדערט זיך דאָס ביכל — און אין געװעלב פון שפּילצײַג, װוּ מען האָט דיך געקױפט, האָסטו אַן אַנדערע זון געזען?

— געזען! געזען! נישט אין געוועלב, נאָר ערגעץ ווײַט, ווײַט פֿון דאַנען. איך געדענק אָבער גוט די העלע זון וואָס איז אַרויס־געקומען יעדן פֿאַרטאָג פֿון אונטער די הויכע בערג און ביסלעכווײַז אַרײַנגעפּלאָנטערט זיך אין די צווײַגן פֿון די אַלטע ביימער אויף וועלכע עס זענען פֿייגל געשטאַנען און אַזוי שיין געזונגען, אַז דער גאַנצער וואַלד האָט מיטגעזונגען. שפּעטער קריכט די זון וואָס אַמאָל העכער און העכער, ביז זי פֿאַרקריכט אַזש העט אונטער די וואָלקנס, וואָס זעען אויס ווי געשווירענע שעפּסן־וואָל. אַ גאַנצן טאָג זיצט זי שוין די זון, אונטער די וואָלענע וואָלקנדלעך און שיט מיט גאָלדענע שטראַלן אויף דער ערד אַראָפּ, ערשט פֿאַרנאַכט־צו לאָזט זי זיך ווידער אַראָפּ איבערן וואַלד, כּדי צו צעקושן זיך מיט די ביימער און ווינטשן זיי אַ גוטע נאַכט. דעמאָלט איז די זון געל־ראָזלעך, אָדער קופּער־רויט, צי גאָר צונטער־רויט מיט גאָלד צוזאַמען.

— ווי שיין דו דערציילסט — האָבן ווי פֿאַרחלומט אויסגערופֿן די הילצערנע קלעצלעך, וואָס שושנהלע שטעלט צונויף פֿון זיי אירע פּיראַמידן.

— באמת שיין — באַמערקט דאָס ביכל מיט אַ טאָן פֿון אַ געלערנטן — אָבער... איך מיין, אַז אַליין האָסטו דאָס נישט געזען, נאָר אַרויסגעלייענט פֿון מײַנע בלעטלעך...

— פֿאַרוואָס גלייבסטו מיר נישט? — פֿרעגט דער פּאַיאַץ אַביסל באַליידיקט.

— ווײַל דו ביסט אַ פּאַיאַץ, און פּאַיאַצן האָב ליב צו טרײַבן שפּאַס.

— יאָ, דאָס האָט מען געמאַכט פֿון מיר אַ פּאַיאַץ, אָבער קוק זיך גוט צו, ועסטו זען, אַז איך בין געמאַכט פֿון האָלץ־דיקט, און דיקטן, ווייסטו דאָך, ווערן געמאַכט פֿון ביימער און ביימער, ווייסטו דאָך, וואַקסן אין וואַלד, און —

— אַהאַ! — כאַפּט אונטער דאָס ביכל — איצט פֿאַרשטיי איך שוין! ביסטו, הייסט עס פֿריִער געווען אַ בוים אין יענעם וואַלד, וועגן וועלכן דו האָסט אַזוי שיין דערציילט.

— יאָ, אַ בוים — אַ ריז געװען, הונדערטער יאָרן געשטאַנען אין יענעם־אָ װאַלד, מחנות זינג־פײגל האָבן זײערע נעסטן אױף מײַנע ברײט־צעלאָזטע צװײַגן געבױט און יעדן פאַרנאַכט האָט די זון מיך געקושט, ביז... אײנמאָל האָבן שאַרפע שטאָלענע צײן זיך אײַנגעשניטן אין מיר און — איך בין אומגעפאַלן. װײַטער געדענק איך שױן גאָרנישט.

די הילצערנע קלעצלעך האָבן טיף אָפּגעזיפצט. אױך זײ האָבן זיך, װײַזט אױס אין עפּעס דערמאָנט.

איך האָב נישט ליב קײן טרױעריקע געשיכטעס — זאָגט ליאַלקע פּיק מיט אױסגעקרומטע ליפּעלעך — איך גײ װײנען.

— דאָס איז גאָרנישט טרױעריק — ענטפערט דאָס ביכל — אדרבא, דאָס איז זײער שײן. יעדער זאַך האָט זיך איר געשיכטע. אױך מיר, די בלעטער פון ביכלעך, האָבן אַן אור־שײכות צו האָלץ, און פונדעסטװעגן בענקען מיר נישט װי דער פּאַיאַץ.

— און איך בענק טײלמאָל אַזױ שטאַרק צו דער ברענענדיקער דרום־זון, צו די צעדריװולטע פּאַלמען און צו די אומענדלעכע פּלײַנען — רופט זיך אָן פון אַ זײַט דער אױסגעשטופּטער צפון־הונט.

— דו ? — װוּנדערט זיך דאָס ביכל — װאָלסט שױן גיכער געדאַרפט בענקען נאָך שנײ און פרעסט, ביסט דאָך אַ צפון־הונט !

— יאָ, אַזױ זע איך איצט אױס פון דער װײַטנס, קוק זיך אָבער נענטער צו, װעסטו זען, אַז איך בין געמאַכט פון געשפּינטער װאַטע. איך דערמאָן זיך איצט — ציט דער צפון־הונט לאַנגזאַם זײַנע רײד — װי ער װאָלט זיך דערמאָנט אַ װײַטן, װײַטן חלום — יענע ברײטע און לאַנגע װאַטעפעלדער. אױף דינע צעצװײַגטע ריטלעך װאַקסט דער דאָזיקער פּוך. און װען ער װערט צײַטיק, צעעפענען זיך די קנאָספּן, װי ס׳צעעפענען זיך בלומען און דאָס גאַנצע פעלד, װי װײַט דאָס אױג קאָן גרײכן, זעט אױס װי שטאַרק צעשױמטער ביר.

דער צפון־הונט איז אַנטשװיגן געװאָרן און ס׳האָט אױסגעזען װי ער זאָל עפּעס נאָכטראַכטן.

— זײער טשעקאַװע — זאָגט דאָס ביכל — דערצײל װײַטער, דערצײל.

— ווײַטער? באַלד. איך וועל זיך דערמאָנען... יאָ, שפּעטער קומען אַ סך מענער און פרויען מיט ברייטע, אָפענע זעק, וואָס איין העלפט איז צוגעבונדן צו זייערע טאַליעס און די צווייטע העלפט איז קווער אַרומגעבונדן אַרום דעם לינקן אָרעם, אַזוי, אַז עס שאַפט זיך אַן אָפענע, ברייטע טאָרבע. אין דער־אָ טאָרבע וואַרפט מען אַריין דעם אָנגעקליבענעם פּוך, וואָס די מענטשן, דאָרטן, רופן עס: ווײַס־גאָלד.

און ווידער איז דער צפון־הונט אַנטשוויגן געוואָרן.

— דערצייל דערצייל — האָבן זיך געהערט עטלעכע שטימען.

— איך געדענק נאָר בלויז — האָט ער לאַנגזאַם געצויגן — ווי צוויי ברוינע הענט האָבן מיך אָפּגעריסן און אַרײַנגעוואָרפן אין אַזאַ־אָ טאָרבע. ווײַטער... ווײַטער געדענק איך שוין גאָרנישט.

— איך האָב נישט ליב קיין טרויעריקע געשיכטעס — זאָגט ליאַלקע פּיק מיט אויסגעקרומטע ליפּעלעך — איך גיי וויינען.

— שוין ווידער וויינען? — חוזקט דער פּליושענער בער — אָט, אַ וויינערקע! ווען איך אַ שטייגער, זאָל וועלן, קאָן איך אײַך דערציילן וווּנדערלעכע געשיכטעס פון אַלע וועלט־טיילן.

— פון ווען אָן ביסטו דאָס, רעב בער, באַקאַנט מיט אַלע לענדער? — חוזקט דער לאַנג־האַלדזיקער זשיראַף, וואָס איז געמאַכט פון ברוינעם ניילאָן.

— פון זינט איך בין געשטאַנען אין שויפענצטער פון שפּיל־צײַג אין שכנות מיטן גלאָבוס — ענטפערט מיט גאווה דער בער — בו... בו... בו... אַ טשעקאַווער געווען, דער גלאָבוס. אַלע לענדער קען ער. אײַ, האָט ער מיר דערציילט אינטערעסאַנטע געשיכטעס, אויב איר ווילט, קאָן איך איבערדערציילן.

— דערצייל, דערצייל! — האָבן זיך געהערט שטימען פון אַלע זײַטן.

— גוט. דאָס ערשטע וועל איך אײַך דערציילן פון די פּאָלאַר־געגנטן: דער קלימאַט דאָרט איז זייער אַ קאַלטער. אַזוי, אַז דעם גרעסטן טייל פון יאָר הערשן שרעקלעכע פרעסט און שנייען.

ליאַלקע פּיק האָט גענומען ציטערן איבערן גאַנצן קערפּער

אָבער קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר און צוגעהערט זיך מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם צום בערם רייד:

— די מענטשן דאָרט גייען אָנגעטון פון קאָפּ ביז די פּיס אין פעלן און זעען אויס ווי בערן.

— ווי שיין דאָס איז! — רופט אויס מיט אַנטציקונג ליאַלקע פּיק.

— מנע! אָדער זי ווײנט אָדער זי פּלאַפּלט — רײַסט איר אומגעדולדיק איבער דאָס ביכל. שווײַג און לאָז דעם בער דערציילן.

— צוליב די גרויסע פרעסט, וואָס הערשן דאָרט, וואַקסט נישט בײַ זיי, נישט קיין ווײַנטרויבן, נישט קיין באַנאַנען, נישט קיין מאַ־ראַנצן און נישט די אַלע איבעריקע פּירות, וואָס וואַקסן ביי אונדז דאָ, אין ישראל. די הויפּט־דערנערונג ביי זיי איז...

— ליאַלקע פּיק האָט באַוויגן מיט די ליפּעלעך ווי זי זאָל ווען עפּעס זאָגן, אָבער אינמיטן דעם בערס רייד האָט זיך דער־הערט דאָס שליסן פון יענער זײַט טיר.

די קליינע ליאַלקע, וואָס האַלט תּמיד אַ פינגער אויף די רויטע ליפּעלעך, האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן: ש־ש־ש־אַ! — און אַלע האָבן זיך שנעל געשטעלט אויף זייערע ערטער.

# דאָס קליינע אַרבעסל

דער האַרבסטיקער באַגין איז געלעגן אַ קויטיק־פּאַרנעפּלטער און שטיל־פּאַרטײַעטער. ס'האָט אויסגעזען ווי דער טאָג דרימלט נאָך אין זײַן פּאַרטאָגיקן שלאָף, און באַלד וועט ער זיך אויפכאַפּן אַ בייזער, אַ ברוגזער. אָבער אָט האָט זיך גענומען ערגעץ לײַטערן אַ בלויער פּאַס אויפן הימל און מ'האָט באַשײַמפּערלעך געזען ווי דאָס בייזע איז אַוועק.

אַ בלייכע זון האָט זיך אָפּירגעדראַפּעט פון דער בלויקייט און אַ מילדע אָראָפּגעקוקט אויפן גרינוואַרג־גאָרטן, וואָס האָט געהאַט אַ רירנדיקן אויסזען: כּמעט אַלע בייטן זענען געלעגן אויסגעלייי־דיקטע. אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט פּאַרוויאַנעטע בלע־טער, וואָס האָבן געמיניעט מיט זייערע האַרבסט־קאָלירן: געל, סעלעדין און רויט.

פון ערגעץ־ווו האָט זיך געיאָוועט אַ שטיפעריש ווינטל און גענומען יאָגן די בלעטער דאָ אַהין, דאָ — צוריק, דאָ, ווידער, דרייען מיט זיי אין אַ קאַראַהאָד, ס'האָט אויסגעזען ווי דער ווינט שפּילט זיך מיט זיי אין יאָגעלעך — ווי אַ שטיפער קאָן.

— א־ו־מ־ע־ט־י־ק האָט זיך דערהערט אַ פּויל צעצויגן קול צווישן די בייטן.

— ווער קאָן דאָס זײַן? — האָט זיך געחידושט אַ הייפּטל קרויט און אויף גיך פונאַנדערגעוויקלט די אָדערדיקע בלעטער אירע, כּדי צו זען צו וועמען דאָס קול באַלאַנגט. און ווען זי האָט דערזען ווי דער פייגל־שרעקער וואַקלט זיך אומגעלומפּערט אונטערן ווינטס שטיפערײַען, האָט זי אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. שיִער זיך איבערגעשראָקן. אָבער ס'איז גאָר נישט אַזוי אומעטיק. אָט בין איך דאָ. אָט, די אַרבעסלעך.

יאָ, אָבער נישט לאַנג וועט איר דאָ זײַן, און איך וועל בלײַבן אַליין אין גאָרטן. און דאָ בין איך געבליבן מיט אַ געלעכערטן הוט און צעריסן רעקל. וואָס וועל איך טון? וואָס וועל איך טון? האָט אומעטיק איבערגעחזרט דער פֿייגל־שרעקער און גענומען פּאַכען מיט די לײדיקע אַרבל זײַנע, ווי ער זאָל זיך געזעגענען מיט די לעצטע גאָרטן־שכנים.

אַ קליין אַרבעסל האָט גענומען קלינגען אין דער געל־טרוקע־נער שויט, וואָס אויף איר לשון מיינט עס: נישט געדאַרפֿט שרעקן קיין הונגעריקע פֿייגל.

— וואָס האָב איך געזאָלט טון? — האָט דער פֿייגל־שרעקער געשאָקלט חרטהדיק מיטן קאָפּ זײַנעם, אַזוי אַז דער געלעכערטער הוט איז אים פֿאַרפֿאָרן אויף הינטן און שטאָט אַ האַלדז האָט זיך אַרויסגעזען אַ נאַקעטער שטעקן.



איבערן גאַנצן ווינטער איז דאָס קליינע אַרבעסל (טאַקע דאָס זעלבע, וואָס האָט אין האַרבסט געשטראָפֿט דעם פֿייגל־שרעקער) געשלאָפֿן אינעם שפּײַכלער צווישן אַ סך שוועסטער־אַרבעס. זי איז געשלאָפֿן אַזוי געשמאַק, אַז זי האָט אַפֿילו נישט געפֿילט ווען מען האָט איר אין פֿרילינג אַרײַנגעזעצט אין דער ערד.

אַ לאַנגע צײַט איז זי געלעגן אָן באַוועגונג — געפּאָפֿן. אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָט זי דערפֿילט, אַז ס'ווערט איר שטאַרק ענג. זי האָט זיך ראַפּטעם אויפֿגעכאַפּט און — מאָדנע: עפּעס איז דער בויך בײַ איר ווי אַן אָנגעבלאָזענער באַלאָן און דוכט זיך, פֿול מיט וואַסער.

— וואָס טוט זיך דאָס מיט מיר? — האָט זי אומגעדולדיק אַ זאָג געטאָן.

זי האָט זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט און מיטן גאַנצן כּוח אַזאַ שטאַרקן שטויס געטון אין די שאָלן־ווענטלעך אירע, אַז עפּעס האָט פּלוצלינג אַ פּלאַץ־אויף געטון און אַ שטיקל וואָרצל איז אַרויס אין דרויסן.

פון דער שטאַרקער אָנגעשטרענגטקייט און פון דער פּלוצימדי־
קער פריַיגעוואָרנקייט איז זי אַריַינגעפאַלן אין אַ זיסער אָנמאַכט.
אָבער באַלד האָט זי דערפילט, אַז זי קומט צוריק צו די כּוחות. זי
האָט זיך אויסגעצויגן העכער און העכער ביז איינמאָל האָט זי דער־
פילט, אַז עפּעס איבער איר האָט זיך אַ צעשפּאַלט געטון מיט אַזאַ
שאַרפער ליכטיקייט, אַז ס׳האָט איר גענומען שווינדלען אין קאָפּ
ביז צום אומפאַלן. זי האָט זיך גיך צוגעוווינט צו דער ליכטיקייט,
וואָס האָט געפליִיצט פון אַלע זיַיטן, און פּאַרזיכטיק גענומען זיך
אומקוקן ווו זי איז ערגעץ אין דער וועלט. זי האָט זיך געפונען אויף
דער ערד־פלאַך, אַרומגענומען מיט עטלעכע גרינע בלעטלעך, וואָס
האָבן געשיצט דאָס אַרבעסל פון קעלט.

— זיי באַגריסט קליין שוועסטערל!

דאָס אַרבעסל האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען אַז אירע
שוועסטער זענען פיל גרעסער פאַר איר. זי האָט זיך פאַרשעמט
און שטיל אָפּגעזיפצט.

אַ דינינק שטראַלעכל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צום קליינעם
אַרבעסל און אַזוי געזאָגט:

— זיפץ נישט. דו וועסט דיַינע שוועסטער דעריאָגן. דו דאַרפסט
נאָך אַ סך כּוחות אָנזאַמלען.

געזאָגט און אַוועק.

דאָס אַרבעסל? — געוויס האָט עס זיך אויסגעגליכן מיט אירע
שוועסטער.

וואָדען?

# שלמה המלך און די פייגעלעך

אין די צייַטן פון שלמה המלך, איז נאָך די באַן און דער עראָפּלאַן נישט געווען. פאָרן אין וועג אַרייַן האָט מען געקאָנט נאָר מיטן אייזל. איינמאָל, האָט דער מלך שלמה געדאַרפט פאָרן אין אַ ווייַטן געגנט. דער וועג אַהין האָט געפירט דורכן הייסן מדבר, ווו די זון האָט געגאָסן מיט פייַער — צום פאַרברענט ווערן. אויפן אייזל וואָלט אַזאַ רייַזע געדויערט זייער לאַנג און וואָלט אויך געווען אויסגעשטעלט אויף גרויס געפאַר צוליב די שרעקלעכע היצן. נאָר שלמה המלך, וואָס האָט געקאָנט די שפּראַך פון חיות און פייגל, האָט דאַן אויסגערופן: „ווער עס נעמט זיך אונטער אַריבערצופירן מיך אין יענע ערטער, דעם וועל איך גוט באַלוינען”. באַלד האָבן זיך געשטעלט פאַר שלמה'ן: דער שטאַרקער אָדלער און אַ טשאַטשע קליינע פייגעלעך און האָבן פאַרגעלייגט זייער גרייטקייט אַריבער־צופירן דעם קעניג אין יענע ווייַטע ערטער. שלמה האָט זיך אַרויפגע־זעצט אויפן אָדלער און די פייגעלעך האָבן זיך אייַנגעטיילט אין צוויי גרופּעס: איין טשאַטשע פייגל האָט פאַרשטעלט די זון איבערן גאַנצן וועג און די צווייטע גרופּע פייגל האָבן געפאָכעט מיט זייערע פליגעלעך, כּדי דער קעניג זאָל האָבן לופט צו אָטעמען.

בשלום צוריקגעקומען פון דער רייַזע, זאָגט שלמה צו זייַנע אַריבערפירער: „נו, איצט קאָנט איר זיך אויסבעטן דעם שטאַרקסטן באַגער אייַערן”. דער אָדלער האָט פאַרלאַנגט, אַז ער וויל זייַן דער קעניג פון די פייגל, און די פייגעלעך האָבן פאַרלאַנגט: אַ גאָלדן פעדערל אויפן רוקן. דער קלוגער און גוטיקער מלך האָט דערויף געזאָגט און געוואָרנט, אַז פון דעם וועט זיי, די פייגעלעך, קיין גוטס נישט אַרויסקומען, ווייַל: נישט גאָלד ברענגט דאָס גליק. די פייגע־לעך האָבן זיך אָבער אייַנגעשפּאַרט: אַ גאָלדן פעדערל! שלמה האָט

דאַן צוליב געטאָן זייער פאַרלאַנג און — זיי זענען צופרידענע און פריילעכע אַוועקגעפלויגן מיט אַ לוסטיק טשוויטשערײַ אין וואַלד אַרײַן. אָבער... ווען די יעגער האָבן באַמערקט די גאָלדענע פעדער־לעך אויף זייערע רוקנס, האָבן זיי געעפּנט אַ גרויס שיסערײַ אויף די פייגעלעך און פיל פון זיי אויסגעהרגעט. די לעבנגעבליבענע פייגעלעך, וואָס האָבן קוים זייער לעבן אָפּגעראַטעוועט, זענען אין גרויס ציטערניש אַוועק צום מלך שלמה און געפאַלן אים צו די פיס מיט אַ הייס געבעט: אונדזער האַר און מלך! נעם פון אונדז צו די גאָלדענע פעדערלעך. מיר ווילן בעסער לעבן אַ פרײַ, זאָרגלאָז לעבן!



פון דעמאָלט אָן איז דער אָדלער, דער קעניג פון די פייגל און די פייגעלעך פליִען אַרום פראַנק און פרײַ.

# אַ משפּט פֿאַר שלמה המלך

געווען אַ גאָר־גאָר רײַכער מאַן. האָט ער געהאַט צוויי געראָ־טענע זין, וואָס האָבן זיך פֿאַר גרויס שוווילטאָג פֿאַרנומען מיט יעגערײַ. אויך גוט. אַ מענטש מוז דאָך מיט עפּעס זיך באַשעפֿטיקן.

מאַכט זיך אַז דער רײַכער מאַן שטאַרבט און לאָזט איבער אַ צוואה, אַז דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן זײַנס געהערט צו דעם זון, וואָס האָט דעם פֿאָטער צום בעסטן ליב געהאַט.

האָבן ביידע ברידער זיך אָנגעהויבן קריגן וועגן דער ירושה — נאָך פֿאַר דער קבורה פֿונעם פֿאָטער.

געווען איז דאָס אין די צײַטן פֿון קלוגן שלמה המלך. איז צו וועמען גייט מען זיך משפּטן ? — צו שלמה המלך.

געקומען צו שלמה'ן, דערציילן זיי אים אַלץ און אַלץ. דער עלטערער ברודער טענהט, אַז ער, נאָר ער האָט בעסער ליב געהאַט דעם פֿאָטער זײַנעם. דאָס זעלבע אָבער טענהט דער ייִנגערער ברודער.

אַלץ אויסגעהערט, פֿרעגט שלמה, מיט וואָס זיי באַשעפֿטיקן זיך ?

— מיט יעגערײַ. מיר זענען די בעסטע יעגער אין אונדזער געגנט.

אויב אַזוי באַפֿעל איך, אַז מען זאָל אײַער טויטן פֿאָטער צובינדן צון אַ בוים, און ווער ס'וועט טרעפֿן מיט דער פֿײַל גלייך אין פֿאָטערס האַרץ, צו דעם וועט געהערן די גאַנצע ירושה.

דער עלטערער ברודער האָט לאַנג נישט געקלערט, אָנגעצויגן דעם בויגן און געטראָפֿן מיט דער פֿײַל גלײַך אינעם פֿאָטערס האַרץ.

נאָכדעם האָט שלמה באַפֿוילן דעם ייִנגערן ברודער, ער זאָל באַווײַזן דאָס זעלבע.

דער ייִנגערער ברודער האָט גענומען דעם בויגן, אים אָנגע־צויגן און — אים אַוועקגעשלײַדערט ווײַט פֿון זיך. ער האָט שטיל געזאָגט : איך וויל נישט קיין ירושה און וועל נישט שיסן אין מײַן טאַטנס האַרץ.

באַלד האָט זיך געהערט שלמה'ס פּסק־דין : די גאַנצע ירושה קומט דעם ייִנגערן ברודער.

# שלמה המלך און דער באַרימער

אויף אַ דאַך, אַנטקעגן דעם פּאַלאַץ פון שלמה המלך, זענען געשטאַנען צוויי קליינע פייגעלעך און געפּלאַפּלט צווישן זיך. שלמה, וואָס האָט געקענט, ווי באַוווסט, די שפּראַך פון חיות און פייגל, איז געווען פאַראינטערעסירט צו הערן וואָס זיי רעדן צווישן זיך. הערט ער ווי איין פייגעלע זאָגט צום צווייטן: זעסט, דאָס איז די שטאַרקסטע מויער פון מלך שלמה. אָבער איך בין נאָך שטאַרקער, און ווען איך וויל קאָן איך מיט איין פּאָר פון מײַנע פליגלען אומוואַרפן די גאַנצע מויער.

שלמה'ן האָט די זאַך פאַרווײַלט און גאָר שטרענג צוגערופן צו זיך דעם באַרימער.

דאָס פייגעלע האָט זיך, נישט־טויט, נישט־לעבעדיק, געשטעלט אין איין ציטערניש פאַרן מלך שלמה, וואָס האָט געפרעגט דעם באַרימער: זאָג נאָר, דו מאָנטשיק פייגעלע, צי קאָנסטו טאַקע אומוואַרפן אַ מויער?

דאָס פייגעלע האָט קוים דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט, און אַזוי געזאָגט: אדוני מלך, דאָס צווייטע פייגעלע איז מײַן ווײַב, האָב איך זיך געוואָלט אַ ביסל באַרימען פאַר איר, זי זאָל אַ ביסל דרך־ארץ האָבן פאַר מיר, ווײַל שטענדיק חוזקט זי פון מיר, אַז איך בין אַ שוואַכלינג און אַז זי איז שענער פאַר מיר. זײַ מיר מוחל, אדוני המלך, און לאָז מיך צוריקפליִען צו איר.

שלמה המלך האָט אַ דיסקרעטן שמייכל געטאָן און — אָפּגעלאָזן בשלום דאָס פייגעלע צו זײַן זי.

געקומען צו זײַן זי, האָט זי אין ציטערניש אים געפרעגט: וואָס האָט דער מלך געוואָלט פון דיר?

— ער האָט מיך שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל נישט אײַנוואַרפן זײַן מויער.

## לידער פון גבריאל ווײַסמאַן,
## צו וועלכע מוזיקער האָבן געשאַפן מעלאָדיעס:

# עלעגיע

מוזיק: מאַססענעט

אָ, מיין שטעטל, אָ, ליבע היים,
ווו ביסטו, ווו?
אַ חורבה פון ציגל, ליים —
איצט ליגסטו אין אייביקער רו,
ס'האָט אַמאָל דאָ
פאַרוויגט מיך מיין מאַמעס ליד.
טרויעריק איצטער — אָן ייִד,
פאַרגעסן מיין היים — וועל איך קיינמאָל, ניין!
אָ, ווי געקאָנט האָט אַזוינס גאָר געשען?
צעבליפּעט ווי אַ קליין קינד
וואָיעט דער ווינט —
כ'זע דאָס אין חלום, אין וואָר.
מײַן ווייטיק נישט שטילן וועט קיינמאָל, אָ, ניין!
אָ, ניין! אָ ניין!
ס'טוט אַזוי, וויי!..

# מײַן געבעט

מוזיק: חיים פּערשקאָ

וואַקל אומעט אָפּ פון האַרצן
כ׳בין פון טרויער מיד,
זע: אַז קײנמאָל מיר ער זינגען
כ׳זאָל דאָס אַלטע ליד.

נײַע טענער, זע: באַגלייטן
זאָלן מײַנע יאָר,
זאָלן נײַע מענטשן קומען
און אַ פרײַער דור.

זאָל אַ פרילינג צו מיר קומען
כ׳זאָל פאַרגעסן דאָן —
אַז ערגעץ זענען בייזע מענטשן
אויף דער וועלט פאַראַן.

זאָל פאַרשווינדן שוין אינגיכן
יענע בייזע טעג,
פירן זאָלן גוטע וועגן
צו אַ נײַעם וועג.

וויקל אומעט אָפּ פון האַרצן
כ׳בין פון טרויער מיד,
זע, אַז קײנמאָל מיר ער זינגען
כ׳זאָל דאָס אַלטע ליד.

# זינג מיר מײַן פרײַנד

מוזיק: פערשקאָ

איך קום צו דיר מיט מײַנע לײַדן
ווײַל דו ווערסט מיך מײַן פרײַנד פאַרשטײן,
דאָס לעבן געגעבן האָט ווינציק פריידן
דאָך איז די וועלט מיר אַזוי שײן.

זינג מיר אַ ליד פון דעם לעבן
וואָס האָט אין זיך אַזוי פיל רייץ און אַזוי פיל חן,
לעבן — הייסט: לײַדן און שטרעבן
זינג מיט האַרץ הײַנט פאַר מיר נאָר אַליין.

זינג מיר, איך וועל שווײַגן און הערן.
די טעג וועלן קיינמאָל זיך נישט אומקערן,
זינג מיר אַ ליד פון דעם לעבן
עס זאָל דאָס שענסטע ליד פון אַלע זײַן.

דו קאָנסט, מײַן פרײַנד, פאַרשטײן מײַן בענקען,
האַרציק און צאַרט קלינגט הײַנט דײַן ליד.
פאַרגאַנגענע טעג — כ׳וועל אײַך געדענקען,
זינג זשע, מײַן פרײַנד און ווער נישט מיד.

# טרויער

מוזיק: פרידריך שאַפּען

ס'האָט אַסטער־קוסט
אָפּגעבליט אין האַרבסט
און מאָדנע טרויער
ווייעט איצט פון פעלד

פאַרשוווּנדן נאַכטיגאַלס געזאַנגען
סיי אין וואַלד, סיי אין פעלד,
אַלץ הויערט שטום
ערגעץ בלייבט די זון.

ברויזט אין מײַן נשמה
נישט דערזאָגטער ווי —
פרילינג איז אַוועק שוין
הער אויס מײַן געשריי!
ס'איז געווען אַ שיינער טרוים;

פיל אָן מײַן האַרץ פונסנײַ!
טרויער —
מיך באַפרײַ!

ס'איז גרינער בוים — נישט מער ווי טרוים
פאַרשוווּנדן ווייט
חלומות ערגעץ ווייט
און נאַכט, שוואַרצע נאַכט אין מײַן האַרץ...

דורך וואַלד זיך טראָגט
אַ ווינטל און קלאָגט —
פרילינג אויסגעשפּילט שוין
ס'גרינע צויבער־ליד —

און דער האַרבסט, דער גרויער
וועבט דעם פרילינגס טרויער
רייסט זיך אַ געוויין:
ווו איז דיין געביין?

ס'טוט אַזוי באַנג —
פרילינגס געזאַנג
מײַן פרילינג —
מײַן!..

גבריאל ווײַסמאַן

4 סעפּטעמבער 1945

ליבער פֿרײַנד גבריאל ווײַסמאַן,

אַ האַרציקן דאַנק אײַך פֿאַר אײַער קאָמפּלימענט מײַן „משה און די כּושית״ ער האָט מיך דערוואַרעמט.

קענען מיר זיך פֿערזענלעך? האָבן מיר זיך ווען געטראָפֿן? איך האָב געלייענט אַ סך פֿון אײַערע אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער — און געלייענט מיט אינטערעס. אָבער איך געדענק נישט, צי האָב איך ווען געלייענט אײַערע קינדער־דערציילונגען און האָב נישט קיין פֿאָרשטעלונג פֿון אײַך.

וואָס טו איך? איך שרײַב.

וואָס מאַך איך? בין פֿריש געזונט צו קאָנען שאַפֿן און שאַפֿן.

מיט ברכות אויף אַ רפֿואה שלמה,
אײַער **דוד פּינסקי**

אַ האַרציקן גרוס אײַער פֿרוי און אײַער גרויסער טאָכטער, די צוהערערינס פֿון „משה און די כּושית״־פֿאָרלעזונג. האָפֿנטלעך האָבן זיי געטיילט אײַער מיינונג.

28—4—56

מײַן טײַערער פרײַנט און קאָלעגע גבריאל װײַסמאַן.

צוליב דעם װאָס כ'האָב לעצטנס דורכגעמאַכט (און מאַך נאָך דורך) גאַנץ שװערע איבערלעבונגען און צוליב דעם װאָס איך בין שױן בכלל מיד צו האַלטן אין אײן איבערלעבן מײַנע נאָענטסטע און ליבסטע מכל תפוצות ישראל — האָב איך פראָסט פשוט נישט באַװיזן אײַך אָפּצוראַנקען סײַ פאַר דער גאָר פײַנער רעצענזיע װעגן מײַן „ליטװאַק אין פױלן" און סײַ פאַר אײַער האַרציקן ניגער־נעקראָלאָג.

איך גופא בין שױן צען יאָר איזאָלירט אין פאַרשײדענע לונגען־סאַנאַטאָריעס, אָבער די װעלט, כ'מײן די ייִדישע װעלט, קומט שטענדיק צו מיר. מײַן שפּיטאָל־בעט איז שטענדיק פול מיט װעלט: צײַטונגען, זשורנאַלן, ביכער און בריװ — בריװ — בריװ. אױב איר זעט דעם „טאָג" — װײסט איר שױן אַ ביסל פון מײַן נאַקעטן לײַב און לעבן.

פון מדינת ישראל באַקום איך נאָר „די לעצטע נײַס". בין איך זײער נײַגעריק צו זען אױך אײַערע „לעבנס־פּראָגן". כ'בין מער װי זיכער, אַז מדינת ישראל װעט בהדרגה װערן אַ גאַנץ גרױסע „קאָלאָניע" פון אונדזער ייִדיש־לאַנד. על כן, זאָל גאָט שטאַרקן אײַערע כּוחות אָנצוגײן װײַטער מיט אײַער „גלות"־אַרבעט אין ארץ־ישראל. פאַרבלײַבט געזונט און מונטער. גריסט גוטע פרײַנט און קאָלעגן.

**אײַער דניאל טשאַרני**

גבריאל ווײַסמאַן

19 נאָוו. 1954

מײַן זײער ליבער פרײַנד גבריאל ווײַסמאַן,

אַ דאַנק אײַך פֿאַר אײַער בריוו און פֿאַר אײַער פּרויס אַזוי טיף איבערלעבן מײַן בוך וועגן איוב און מײַנע קאַטאַרגע־מאָמענטן איבערגעגעבן דורך חבר פּאַט. אַפֿילו אַז מען לאָזט דערבײַ אַ טרער, ווי אײַער פֿרוי האָט עס געטאָן — ווי איך בין זיך משער — מאַכט אויך ניט אויס. אַזוינע טרערן זײַנען גוטע, הײלנדיקע.

אין דער צײַט זײַנען מיר אַלע, און איך נאָך מער, פּאַראומגליקט געוואָרן דורכן טויט פֿון י. אָפּאַטאָשו. זײַן לעצטע לעבעדיקע נאַכט האָט ער פֿאַרבראַכט אין שטוב בײַ מיר. איך קען נאָך ניט קומען צו זיך פֿונעם אומגליק וואָס עס האָט געטראָפֿן אונדזער לעבן און אונדזער ליטעראַטור.

מײַן געזונט איז ניט אין אָרדענונג, פּרטים קאָן איך ניט שרײַבן. איך חלום אַריבערצוקלײַבן זיך קײן מדינת ישראל. איך ווײס אָבער ניט ווען און ווי אַזוי כ׳וועל עס קאָנען דורכפֿירן, דערהויפּט טאָקע צוליב מײַן שלעכטן געזונט.

פֿון „הבימה" האָב איך געהאַט אַ בריוו אַז „גזר" וועט געשטעלט ווערן צו פּסח־צײַט. איך האָף אַז אַזוי וועט עס זײַן. אפֿשר וועט דעמאָלט זײַן די געלעגנהײט כ׳זאָל קומען צו אײַך.

גריסט האַרציק אײַער פֿרוי און טעכטערל.

נעמט צו מײַנע אַלע ברכות.

אײַער ה. לייוויק

פון מײַן סאַד

דעם צװײטן דעצעמבער 1978

טײַערער גבריאל װײַסמאַן

אַ דאַנק פאַר אײַער ערשטלינג: „פען־פראַפּילן”. די באַלאַנסירונג פון ענטוזיאַזם און באַדאַכטקײט איז דער באַזונדערער אײגנס פון אײַערע עסײען. אַפילו די העכערע טענער זענען אויך באַגלײבעװדיק, װײַל װאָס קען זײַן באַגלײבעװדיקער און נאַטירלעכער װי ליבשאַפט?

מיט פרײַנדשאַפט און ברכה
אײַער אברהם סוצקעװער

גבריאל ווייסמאַן

דעם 3טן אָקטאָבער, 1981
בוענאָס איירעס

מײַן ליבער גבריאל ווייסמאַן,

פולע דרײַ חדשים זענען מיר, איך און מײַן פרוי, געווען מיט אַ באַזוך אין בראַזיל. מײַן פרויס בילדער־אויסשטעלונג אין דער סאַנפּאַולער „העבראַיקאַ" איז פולשטענדיק געוואָרן אויספאַרקויפט אין געציילטע טעג. די בראַזיליאַנער פרעסע האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן וועגן אירע בילדער.

גלײַך נאָכן צוריקקומען האָב איך זיך געגומען צו אײַערע צוויי ביכער: „פּען־פּראָפּילן" און „ישראל־קינסטלער" מיט די צוויי אָריגינעלע הילעס פון דוד טושינסקי און פּאָרטרעטן אײַערע געצייכנט פון מיכאל מילבערגער.

אײַערע ביידע ביכער זענען געקומען אין צײַט, אין דער ריכטיקער צײַט פון דער גרויסער אינפלאַציע פון וואָרט, ווען ס'זענען פאַרווישט געוואָרן — בשוגג צי במזיד — די גרענעצן בין טוב ורע, בין קודש לחול; ווען די ליטעראַטור־קריטיק האָט פאַרלוירן איר קאָמפּאַס און פירט נישט אין ערגעץ.

מיט קאַזשדאַנס אַוועקגיין אין דער אייביקייט איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ יחיד במינו אויפן (פאַרוואָרלאָזטן) פעלד פון דער שאַפערישער אַנאַליטישער ליטעראַטור־קריטיק וואָס איז אַראָפּגעזונקען צו דער מדרגה פון אַ גראַשע־דיקער נדבה.

אײַערע צוויי ביכער ליטעראַרישע קריטיק און קונסטאָפּשאַץ האָבן אַרײַנגעגעבן אַ נײַעם טאָן, אַ רוח־חיים דעם שרײַבער־קינסטלער און קינסטלער־מאָלער, זיי און זייערע ווערק. איר האָט זיי געגעבן דעם געהעריקן, דעם ערלעך־פאַרדינטן תיקון. אין דער זעלביקער צײַט רעהאַביליטירט אײַער אויפריכטיקער צוגאַנג דעם ליטעראַטור־קריטישן זשאַנער וואָס מ'האָט זײַן אייגנטלעכע ראָל פון אַ מורה־דרך פאַרקריפּלט, בעוונותינו הרבים, פאַרוואַנדלט אין פאַלשע מאָראַל־פרעדיקערײַ, ווי מאַנגער זאָגט עס אין אַ מאָטאָ צו זײַנס אַ באַלאַדע אַז „דאָס ליכט וואָס קען פירן דאָס ליכט קען פאַרפירן", פאַרפירן און אַראָפּפירן פונעם דרך־הישר.

מיט אײַערע צוויי ביכער האָט איר אין דער צוועלפטער שעה אַנטקעגן געשטעלט דעם ריכטיקן און אויפריכטיקן צוגאַנג וואָס דאַרף אָנגעווענדט ווערן בנוגע דעם שרײַבער־קינסטלער און ליטעראַטור־און קונסטצווײַג. די צוויי קריטישע אָפּשאַצווערק גיבן צוריק די חשיבות און דעם צוטרוי און דינען ווי אַ סטימול פאַרן אויפשטײַג און פונאַנדערבלי אינעם פרישן פרילינג פון

קינסטלערישן שאַפן אויפן פּאַן פון דער מדברדיקער לאַנדשאַפט נאָך חורבן און אומקום; נאָכן אַוועקגיין פון די קאַריפּייען פון דער ליטעראַרישער מזרח־וואַנט.

אַוודאי איז אומעטיק געוואָרן אויפן אויבן אָן און די הפקרע ווינטן הוליען פראַנק און פרײַ איבער די געמאַרקן פון דער ייִדישער שאַפערישקייט אויפן היינטיקן בײַנאַכטיקן אַלטן מאַרק פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אָפט מאָל באַוווּנדער איך אײַער אַרומשפּאַציר איבער די פאַרוואַקסענע און פאַרהוילענע וועגן און שטעגן פון דער שרײַב־און מאָל־יצירה אינעם פאַרכּישופטן גאָרטן פון דער ליטעראַטור און קונסט. איר גייט דאָרט אַרום ווי אַ קענער פון יעדער מין געוויקס וואָס איר באַנאַמענט עס און שיילט עס אַרויס פונעם תוהו ובוהו, פון דער אַנאָנימקייט וואָס איז נאָך אַליין פאַרן קינסטלער און שאַפער — רעטעניש און ספינקס.

צום באַדויערן האָבן מיר קיין מאָל נישט געהאַט קיין גרויס מזל צו האָבן צופיל אויפריכטיקע אַרייַנדרינגערס אינעם נשמהדיקן מהות פונעם פאַרטונקלטן, מיט זיבן שלײַערן פאַרצויגענעם קינסטלערישן שאַפן. קומט אײַך דעריבער באַזונדער צו באַגריסן פאַר אײַער וואַרפן אַ שײַן, אַן עמוד־האש־שײַן וואָס פאַרלויפט דעם וועג פאַרויס פונעם שאַפערישן שרײַבער און קינסטלער. איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף אײַערע ווײַטערדיקע ווערק.

צום און נאָכן נײַעם יאָר — אַ גוט יאָר, אַ געזונט יאָר, אַ שאַפעריש יאָר. די האַרציקסטע גרוסן אײַך און אײַער לאה פון מיר און מײַן פרוי.

**אײַער משה קנאַפּהייס**

י. ח. בילעצקי

# „ישראל קינסטלער" פון גבריאל ווײַסמאַן

ווילסטו וויסן וואָס ס'הערט זיך אין אונדזער פאַרבן־וועלט — עפן אויף גבריאל ווייסמאַנס בוך: „ישראל קינסטלער" און דו וועסט זען: לא אלמן ישראל אויף דעם געביט פון מאָלערײַ. אַ חשובע אַרבעט. עסייען אָן דונערן, אָן בליצן, דממה־דקה'דיק מיט אַ סך ידיעות, מיט וואַרעמקייט, מיט אָפענע אויגן און מיט אַן אָפן האַרץ. אין אונדזער תוהו־ובוהו איז גוט זיך אָנוואַרעמען לעם אַזעלכע שיינע יצירה־קאַפּיטלען.

הייבט איר אָן מקרב זײַן קינסטלער צו קינסטלער, אַנטפּלעקט זיך פאַר אײַך אַ רחבותדיק אויפגעאַקערט פעלד פון פענדזלען, פון אידייען, שולן, קאַטעגאָריעס, ניגונים, דרכים און איר ווערט פאַרפּלייצט פון חידושים, פון געפילן, פון אַ גוטער בשורה וואָס טראָגט זיך פון אַזאַ ספר. נאָר אַ פאַרליבטער, ווי גבריאל ווײַסמאַן, אין די ייִדישע קינסטלער, קאָן אָנשרײַבן מיט אַזאַ וואַרעמקייט אַ בוך עסייען: „ישראל־קינסטלער". פראָסט און פשוט: אַ מחיה צו לייענען אַזאַ בוך. איך זאָג עס מיט פשוטן לשון: אַ מחיה. פאַר מיר, וועלכער האָט ליב אָט דעם ציבור קינסטלער פון פאַרבן, און איז ניט קיין שטאַרקער ידען אין דעם פאַרמוח'טן און האַרציקן וואָרט פון פאַרב, איז גבריאל ווייסמאַנס בוך ממש אַ דערקוויקונג.

גבריאל ווײַסמאַן איז אַ גוטער עסייִיסט. ער האָט עס שוין דערוויזן אין זיינע „פּען פּראָפילן", אַ בוך וועגן שרייבער, וועגן שעפערישן און גייסטיקן לעבן פון פּראָזאַיִקער, דיכטער, עסייִסטן. גבריאל ווייסמאַן קען אָפּדאַווענען זײַן תפילה בלחש. ער איז ניט קיין צעבושעוועטער טײַך. ער דערמאָנט אין ביאַליקס סאַזשעלקע, אַ צנועהדיקע, אין דער געדיכטעניש, אין שאָטן פון אַ היכן דעמב, „פון זון געבענטשט, פון שטורעם אויס־געפּרוווט". ער דערמאָנט דעם חלום פון דער סאַזשעלקע און ער אַליין פאַרשפּונען אין די גאָלדענע נעצן.

גבריאל ווײַסמאַן האָט אַ חוש צו דעפיניציעס. יע, ער קאָן אונטער־שיידן, ווי מ'דאַרף און מ'מוז אונטערשיידן אין דער מוזיקאַלישער וועלט צווישן פידלען און קלאַווירן, צווישן פײַפעלעך און טרומייטן, אַזוי אין

דער מאָלערישער וועלט: רעאַליסטן און טרוימער, אַבסטראַקטע און קלאָרע, מאָלער מיט אַ ספּעציפֿיש ייִדישן סטיל, צו מעבר לגדר, פֿאַרבאָרגענע אין זייער שפּראַך, נסתּרדיקע און ניגלה׳דיקע. שרײַבט גבֿריאל װײַסמאַן: „משה בערנשטיין איז אַליין אַ ייִד פֿון ייִדנלאַנד; װײַל דער ייִד — װי דאָס שטעטל — לעבט אין אים. נישט קיין חידוש וואָס ער מאָלט דעם ייִדן אין אַלע זײַנע אויסשטראַלונגען; אין זײַן פּשוטן וואָכעדיקן לעבן, און אין זײַן שבת־יום־טובֿדיקייט — זײַן נשמה יתירה״. שרײַבט גבֿריאל װײַסמאַן וועגן יאָסל בערגנער: — „איר האָט ווען געהערט אַ ריבאַיײַזן ווייִנען? אַ בלעכערנעם קעסל שרײַען? אַ קרוג לאַכן? ניין? — איך יאָ. ווו? — אויף יאָסל בערגנערס אויסשטעלונג — טראַכט זיך גוט אַרײַן אין דעם בילד און וועסט אויסגעפֿינען דעם זין, די מחשבה וואָס יאָסל בערגנער האָט דאָ אַרײַנגעלייגט: זכר לחורבן און וואָרענונג״.

וועגן דוד טושינסקיס פֿאַנטאַסטישער וועלט שרײַבט גבֿריאל װײַסמאַן: „אַ סך שיינקייט און טיפֿקייט איז אַרײַנגעוועבט דורך דעם קינסטלערס וויבּרירנדיקע פֿינגער אין זײַנע קליינע, אָבער גרויסע קונסט־ווערק״.

לאָמיר זיך פֿאַרגינען אַרויסנעמען נאָך עטלעכע געציילטע שורות, װײַסמאַנס, כּדי נהנה זײַן פֿון זײַן סטריקטן זאַץ און זאַפֿטיקן לשון:

„שלמה גערסאָנס בילדער פֿאַרמאָגן אַ סך באַוועגונג און ריטמיק. צום בולטסטן קענטיקט זיך דאָס אינעם פּוילישן פֿאָלקס־טאַנץ „קראַקאָוויאַק״. ווי דער קינסטלער דעמאָנסטרירט קלאַסישן סטיל, גראַציע און וווּנדערלעכע דראַפּעריע״ (זייט 67).

אָדער פֿון זייט 143: „אין דער שאַפֿונג פֿון פּראָפֿ. דבֿ סדן־געשטאַלט האָבן זיך אַנטפּלעקט מיכאל מילבערגערס אַלע אַטריבוטן, אַלע עלעמענטן פֿון זײַן ווירטואָזיטעט. דאָס איז זײַן אימפּאָנירנדיקע סטרוקטור און פּאָ־טענציעלער סטיל — באַלאַנסירטער צוויפֿשפּיל פֿון גוף און נשמה, קלאָרער: פֿון מאַטעריע און גײַסט, וואָס דערמאָנט אין די אַלטע גריכישע מײַסטערס. אויך דאָ קומט צום אויסדרוק מילבערגערס אייגענע גײַסטיקע גבֿורה״.

צווישן אַלע חשובֿע אַטריבוטן פֿון דער גוטער עסיי, — האָט זי אויך אַ פֿליכט: מפֿרש זײַן. אַנטפּלעקן און אַרויסברענגען דעם קינסטלערס וועלט, וועלכע איז נאָענטער דעם גוטן קריטיקער, ווי דעם פּשוטן צוקוקער. גבֿריאל

ווײַסמאַן שושקעט אונדז אַרײַן אין אויער אָפּטמאָל אַ סוד וואָס איז פֿאַר אונדז פֿאַרבאָרגן. דאָרט ווו דער פּשוטער צוקוקער זעט אַ פּשוטע גלײַכע ליניע, זעט דער גוטער עסייִסט אַ וועלט פֿון פֿאַרקערטקייטן, פֿון סתירות און גוט איז ווען דו קומסט אָן צום גוטן עסייִסט ער זאָל זײַן דײַן שותּף אין מבינות אין דער וועלט פֿון מאָלערײַ. גבריאל ווײַסמאַן איז אָפּטמאָל פּותר חלום. ער פּירט דיך איבער הימלישע הייכן, איבער ערדישע נידערן און דײַן באַריר און שייכות צו דער קינסטלערוועלט — ווערט נשמהדי־קער. האַרציקער. קלאָרער.

גבריאל ווײַסמאַן וועבט אַרײַן אין די עסייען אַ סך פֿון זײַנע לירישע עמאָציעס. ער נעמט און ער גיט. באַשיידן אין זײַן געבן און נעמען, ווי געזאָגט: ביאַליקס סאַזשעלקע: טרינקט אָן די וואָרצלען, ווי זי וואַלט שטילערהייט געפֿרייט זיך מיט איר חלק „וואָס זי איז זוכה זײַן אַ שפּיגל פֿאַרן מעכטיקן וואַלד״.

גבריאל ווײַסמאַן איז אַן ערלעכער קריטיקער. ער זוכט די מאָלערישע קאָנצעפּציע, די קאָנפֿראָנטאַציע צווישן מאָלער און זײַן וועלט, און ווייסן ווייסט ער אַז פֿאַרשידענע צוקוקערס קומען צו פֿאַרשידענע אויספֿירן וועגן דעם זעלבן בילד, און אַוודאי קאָנען זיין חילוקי־דעות וועגן דעם אָדער יענעם פּאָרטרעט, אָבער פּילן פּילט איר אין גבריאל ווײַסמאַנס שורות: ערלעכקייט. ניט קיין פּוסק אחרון. אָפּטמאָל הערן מיר אין עסיי ווײַסמאַנס דעה: קום אויך דו צוקוקער נאָענטער צו די פֿאַרבן, זײַ עולה־רגל צום בילד. זאַפּ אין זיך אַרײַן די ריחות. פּאַרטײַ דײַן נײַגער צו דעם קינסטלערס וועלט. זאַפּ אַרײַן זײַן פֿרייד. זײַן צער. זײַנע דערגרייכונגען.

גבריאל ווײַסמאַן אין זײַן בוך „ישראל־קינסטלער״ שטייט מיט זײַן אָריגינעלן עסייִסטישן פּענדזל אויפֿריכטיק און געטרײַ און דינט די כּללים פֿון עסיי. ווײַל — אין קלאַמערן לאָמיר זאָגן: די עסיי איז געוואָרן אַ הפקר־וועלט און כּל דיכפּין שרײַבט אונטער אויף זײַן נאָטיצן־ספֿר, אָדער רעצענזיע־ספֿר: עסייען. דעם גוטן לייענער איז שווער אָפּצונאַרן.

אַ סך שיינקייט און חן אין גבריאל ווײַסמאַנס עסייען און ווי אַ שטיקל נוגע צו דער עסייִסטיק — ווײַל איך די ווערטער אָנווענדן אויך אויף גבריאל ווײַסמאַנס „פּען־פּראָפּילן״.

משה דוד גיסער (טשילע)

# גבריאל ווייַסמאַן

איינציקווייַז דערגייען צו אונדז די ידיעות פון די געציילטע יחידי־סגולה, וואָס האָבן ווי דורך אַ נס זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומקום און פאַרניכטונג אין אייראָפּע.

לעצטנס זענען צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פוילן אַ גאַנצע רייע שרייַבער, דיכטער און געזעלשאַפטלעכע טוער, און אין זייערע היימען האָבן זיי מער נישט געטראָפן ווי חורבן און צעשטערונג. גאָרניט האָבן זיי מער נישט געפונען אין די שטעט און שטעטלעך פון דער אַמאָליקער יידישער פוילן — נישט קיין סימן פון יידיש לעבן. זיי זענען געקומען קיין פוילן מיט דעם ווילן אויפסנייַ אָנצוהייבן צו לעבן.

איינער פון אָט דער צוריקגעקומענער מחנה, איז דער יידישער שרייַבער און געזעלשאַפטלעכער קולטור־טוער גבריאל ווייַסמאַן פון ראַדאָם.

אַ הייסער ענטוזיאַסטישער טוער, וואָס איז אין משך פון לאַנגע יאָרן געשטאַנען אין דער סאַמע מיט פון דעם יידישן לעבן, און געהערט צו יענער גרופּע למד־וואָווניקעס וואָס האָבן געטאָן בשלימות אַ וויכטיקע אַרבעט אינעם יידישן לעבן; זיי זענען געווען די יעניקע, וואָס זענען געגאַנגען אינעם פאָלק אַרייַן און שטילערהייט, אומבאַמערקט פאַרצייכנט דעם הייליקן אינווענטאַר פון דעם יידישן פאָלקס־שאַפן — דעם יידישן פאָלקס־אוצר. אויף זייער כשרער אומבאַצאָלטער אַרבעט, האָט זיך פאַקטיש געבויט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע.

גבריאל ווייַסמאַן האָט אומדערמידלעך געזאַמלט, פאַרשריבן און סעג־רעגירט הונדערטער רעגיאָנאַלע יידישע פאָלקס־ווערטלעך, רעדנסאַרטן, שפּריכווערטער, גלייַכווערטלעך, סגולות, רפואות, עין־הרעס, זאַבאַבאָנעס, אָפּשפּרעכענישן, ברכות, שבועות, קללות. אויפגעקליבן אייגנגעמען פון פאַרשידענע קעגנשטאַנדן, פאַרצייכנט פאָלקס־לידער און פאָלקס־שפּילן — אַ גאַנץ וויכטיקע עובדא, וואָס האָט לעצטנס, פאַר דעם איצטיקן שרעקלעכן וועלט־חורבן, פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין דעם געמיט פון די יידישע קולטור־טוער אין פוילן.

ג. ווײַסמאַן איז, אָבער, חוץ זײַן זאַמלערישער אַרבעט, געווען פון די יעניקע, וואָס האָבן זיך טאַקע אָפּגעגעבן לשמה מיט דער פּאָפּולאַריזירונג פונעם ייִדישן פֿאָלקלאָר; אַליין געשריבן צענדליקער וואָגיקע אַרטיקלען און ערנסט־וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויף אָט דעם דאָזיקן נוצלעכן געביט. זײַן שפּראַך איז תּמיד געווען אַ פּשוטע, אין וועלכער ס'האָט זיך געפֿילט די גאַנצע וואַרעמקייט פון אַ האַרציקן ייִדישן פֿאָלקס־אינטעליגענט.

אַ חוץ פֿאָלקלאָר, האָט אויך גבריאל ווײַסמאַן געשריבן ערנסט־קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור און קונסט.

באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער קינדער־מעשׂה. פֿאַרשי־דענע שטילע קינדער־דערציילונגען, מיט גאַנץ קלוגע מוסר־השׂכּלס האָט ער אָנגעשריבן. טייל וועגן פּרינצן און פּרינצעסינס; וועגן פּריצים און פּויערים; וועגן מענטשן און חיות, און ער האָט זיי אין זײַן שפּראַך אָנגע־טאָן, אַ שפּראַך וואָס האָט אין זיך די גאַנצע יאָדערדיקע פֿאָלקסטימלעכקייט, וואָס האָט אַזוי כאַראַקטעריסטיש געקלונגען אינעם פֿאָלקס־מויל. אַ טייל פון די מעשׂהלעך זענען אַרײַן אין פֿאַרשידענע כרעסטאָמאַטיעס, און זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פרעמדע שפּראַכן.

ער האָט אַ סך געאַרבעט איבער זיך, אַט דער ראַדאָמער גבריאל ווײַסמאַן: אָנטייל גענומען אין פֿאַרשידענע ליטעראַרישע, וויסנשאַפטלעכע און פּאַרטיי־אויסגאַבן, צווישן אַנדערע: „אַרבעטער צײַטונג", „ייִדיש פֿאַר אַלע", „מאָמענט", „הויזפֿרײַנד", „קינדער־וועלט", „ייִוואָ־בלעטער", „גרי־נינקע ביימעלעך", „חבֿרל" און אנד. געגרייכט מיט זײַנע אַרטיקלען אַזש ביז אונדזער קאָנטינענט.

געווען אַ ריי יאָרן ראַטמאַן פון „פּועלי־ציון" לינקע אינעם ראַדאָמער שטאָט־ראַט און אין דער ייִדישער קהילה אין ראַדאָם.

ביז די לעצטע בלוטיקע מלחמה האָט אָנגעיאָגט מיט ווילדער היטלע־ריסטישער רציחה אויף דער וועלט און אַממייסטן אויף דעם וויכטיקסטן קרן פון אונדזער פֿאָלק — דאָס אייראָפּעיִשע ייִדנטום.

וואָס עס איז געוואָרן פון די ייִדישע ישובֿים פון ליטע, רומעניע, פּוילן, דאָס דאַרף מען אונדז נישט דערציילן. אָט קומען זיי, די גרוסן, די שוואַרצע פֿינצטערע איובֿ־בשׂורות פון דער ייִדיש־חרובֿער אייראָפּע.

בלויז געציילטע האַלאָוועשקעס, „אוד מוצל מאש", זענען פון אונדזער

אַמאָליקן לעבן איבערגעבליבן. איינציקע געציילטע פון אַ שטאָט האָבן זיך באַוויזן אָפּצוראַטעווען פון אומקום, אָבער מיט זיך האָבן זיי אויך אָפּגעראַטעוועט דעם גלויבן אין דעם ווײַטערדיקן ייִדישן קיום. זיי זענען צוריקגעקומען פאַרוווּנדעטע, און בלוטיק־צעפּײַניקטע, אָבער מיטן ברען פון עקשנות ווייטער צו בויען און ווײַטער צו שאַפן.

און אָט, האָבן מיר פאַר אונדזערע אויגן דעם שרעקלעכן גרוס זײַנעם פון איינער פון די ייִדישסטע שטעט אין פוילן, ראַדאָם.[1]

לאָמיר אויסשרײַען ווי אַן ענטפער צו גבריאל ווײַסמאַנען דעם אַלטן ייִדישן שפּרוך: בדמיך חיי, בדמיך חיי!...

---

1 געמיינט: די פראַגמענטן וועגן „חורבן ראַדאָם״, וואָס גבריאל ווײַסמאַן האָט אָפּגעדרוקט אין „דאָס ייִדישע וואָרט״ אין סאַנטיאַגאָ — טשילע.

**דוד ספּאַרד**

# שריפטשטעלער און באַשיידענער מענטש

פאַראַן קריטיקער־חזנים, וועלכע זענען באַוואָרנט נישט נאָר מיט אַ גוטער „כּלי״. זיי באַזיצן אויך דאָס גאַנצע טעאָרעטישע וויסן, ווי אַזוי מיט דער „כּלי״ זיך צו באַנוצן. אַזעלכע חזנים זינגען תּמיד פּינקטלעך, ווי אין די נאָטן שטייט. זיי הייבן אויף זייער שטים דאָרט, וווּ מען באַדאַרף, זיי לאָזן זי אַראָפּ דאָרט, וווּ מען באַדאַרף, און זיי ציקלען זיך, וווּ מען באַדאַרף. מען קאָן זיי גאָרנישט פאָרוואַרפן, אויסער דעם אפשר, וואָס זיי אַליין זענען דערבײַ נישטאָ. אָנשטאָט זיי, זענען פאַראַן די נאָטן. זיי קאָנען דאָס זעלבע זינגען אויך לויט אַנדערע נאָטן.

און עס זענען אויך פאַראַן קריטיקער־בעלי־תּפילות, וואָס טוען זיך נישט אַזוי אָנלענען אויף נאָטן, ווי אויף זייער אייגן האַרץ. זינגענדיק אַ וועלכע ס'איז תּפילה, לעבן זיי זי קודם־כּל אַליין איבער, און אָפּהענגיק פון דער דאָזיקער איבערלעבונג, פון איר טיפקייט און שטאַרקייט, קומט אויך אַרויס דער ניגון.

גבריאל ווײַסמאַן געהער צו די לעצטע. אין זײַנע אַרבעטן וועגן ליטעראַטור, קונסט און טעאַטער קומט צום אויסדרוק קודם־כּל זײַן איבערלעבונג, און דאָס אינפאָרמאַטיווע און אויפקלערישע וועגן דער טעמע, אָדער דעם שעפער איז געגעבן מער ווייניקער בלויז אין דער מאָס, וואָס איז נייטיק, כּדי אַרויסצוברענגען קלאָר זייער קינסטלערישע און אינהאַלטלעכע באַזונדערקייט. ווײַסמאַן איז אין זײַנע מיינונגען נישט אָפּאָדיקטיש, ער גיט נישט אַרויס קיין אורטיילן, נאָר לאָזט איבער גענוג פרײַען שטח פאַר ווײַטערדיקע און אויך אַנדערשדיקע באַטראַכטונגען פונעם לייענער, צי צושויער גופא. דאָס זאָגט וועגן דער פּיעטעט פון ווײַסמאַנען פאַר דעם שרײַבער און קינסטלער, וועלכן ער באַהאַנדלט, און אויך וועגן זײַן דרך־ארץ פאַר זייערע געניסער. עס גיט אויך צו זײַנע אַרבעטן אַ דיסקרעטע איידעלע שײַן. ווען מע לייענט איבער ווײַסמאַנס אָן אָפּהאַנדלונג, ווילט זיך באַקענען נעענטער מיטן באַהאַנדלטן שעפער, אָדער ווערק. אַ סימן, אַז

ווײַסמאַן ווייסט, ווי אָפּצוקלײַבן דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע, עיקר־דיקסטע און דאָס פאָרשטעלן אין אַ קלאָרער פאָלקסטימלעכער שפּראַך אויף דעם סאַמע פּשוטסטן אופן. דערבײַ איז זײַן שטענדיקע נטיה נישט צו פאַרנאַכלעסיקן דאָס מענטשלעך־אינהאַלטלעכע צוליב דעם פאָרמלעכן, נאָר זוכן זייער פונקציאָנעלע פאַרבינדונג.

אויסער זײַנע קריטישע אַרבעטן, איז גבריאל ווײַסמאַן באַקאַנט, ווי אַ פאָלקלאָר־זאַמלער און קינדער־דערציילער, וועלכער איז איןביידע געביטן געוואָרן זייער גוט אָפּגעשאַצט פון באַקאַנטע יִדישע שרײַבער. ווײַסמאַן האָט געזאַמלט פאָלקס־לידער, פאָלקס־ווערטלעך, רעדנס־אַרטן, שפּריכווערטער, גלײַכווערטלעך און באַזונדערס פאַך־אויסדרוקן. דערבײַ האָט ער זײַן גאַנצן פאָלקלאָר־אוצר געזאַמלט פון מויל פון פאָלק. פאָלק־לאָר־זאַמלונגען זענען פאַראַן נישט ווייניק אין דער יִדישער ליטעראַטור. אָבער פיל פון זיי זענען סעקונדערע אַרבעטן, צונויפגעשטעלטע פון פאַר־שידענע שוין־דערשינענע פּובליקאַציעס און עס פילט זיך אין זיי דער טעם פון אַ כלי שני. ווײַסמאַנס געזאַמלטער פאָלקלאָר האָט אײַנגעהיט די אורשפּרינגלעכע פרישקייט און אויטענטישקייט.

דער סוד פון תפארת און חכמה איז נישט קיין קעגנשטאַנד, וועלכן מען קאָן אויסשטודירן אין די שקאָלעס. די זעלבע פּאָעטישע שורה ווייניקער איין וואָרט, אָדער אַפילו איבערגעשטעלט איין וואָרט, פאַרלירט שוין נישט בלויז איר פּאָעטישן חן, נאָר אָפט אויך איר אַלוזיאָנערן אונטערטעקסט. דאָס זעלבע אויך מיט אַזאַ אָדער אַנדער פאָלקישן זאָג. די מינדעסטע ענדערונג אין אים נעמט אָפּ פון אים זײַן לעבעדיקן אָטעם. גבריאל ווײַסמאַן פאַר־מאָגט דאָס געפיל פאַר דער דאַזיקער אייגנאַרטיקער אײַגנשאַפט אויף דעם שעפערישן געביט.

וועגן די קינדער־מעשׂה׳לעך פון גבריאל ווײַסמאַן האָט זיך דער באַ־וווסטער יִדישער שרייבער יואל מאַסטבוים אויסגעדריקט נאָך אין 1932 (אין דער „אַרבעטער־צייטונג״), אַז זיי „זענען האַרציק, געשריבן אין אַ פײַנער פאָלקסטימלעכער שפּראַך, שטייען אויף אַ הויכן ניוואָ פון פּעדאַגאָ־גיק און זענען צוגעפּאַסט צו דער נשמה פון קינד״. ווײַסמאַנס קינדער־מעשׂה׳לעך זענען איבערגעזעצט אויף אייניקע אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

ווײַסמאַן איז אויך דער שעפער פון אַ גאַנצער רײַ לידער, וואָס אייניקע

פון זיי ווערן מיט גרויס דערפֿאָלג געזונגען. פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען דערשינען פֿאָלגנדע ביכער פֿון גבריאל ווײַסמאַן: „ראַדאָמער פֿאָלקלאָר" (פֿרעמירט דורך דער ראַדאָמער קהילה), „פֿונעם פֿאָלק־אוצר" און „דאָס טעלערל פֿון הימל" (קינדער־דערציילונגען). נאָך דער מלחמה, ביזן הײַנטיקן טאָג, באַטייליקט זיך ווײַסמאַן זייער אַקטיוו אין פֿאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבן מיט זײַנע באַלערנדיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן קונסט און ליטעראַטור.

כ׳וויל אויך צו זײַן 75סטן געבוירנטאָג און 50 יעריקער דאַטע פֿון זײַן שעפֿערישער טעטיקייט אונטערשטרײַכן זײַן ערלעכע און נוצלעכע אַרבעט אין שטילקייט, אָן טומל אַרום זיך, און זײַן געפֿיל פֿון שרײַבערישער אחריות. בלויז „אַסתרא בלגינא קיש קיש קריא", בלויז אַ קליין מטבע׳לע אין אַ קרוג מאַכט אָן אַ טומל. צוקוקנדיק זיך, ווי פֿאַרשידענע טאַלאַנט־לאָזיקייטן און, צום באַדויערן, אויך זייער טאַלאַנטירטע, פֿאַרקריפּלען די ייִדישע ווערטער און זייער באַדײַטונג, טראַכטן צו משונהדיקע אויסדרוקן און בילדער, שרײַבן אַראָפּ קמיע׳שע טעקסטן אויסגעמישט מיט ניבול־פּה, און דאָס אַלץ, כּדי נישט אָפּצושטיין פֿון דער מאָדע, אָדער פֿון שלעכט־פֿאַרשטאַנענעם מאָדערניזם, און אויך, כּדי צוצוציִען די אויפֿמערקזאַמקייט, מוז מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז באַשיידנקייט, שטילקייט און קלאָרקייט, ווי אויך אחריות פֿאַרן געשריבענעם וואָרט, פֿאַר זײַנע שעפֿער און געניסער, זענען אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער שרײַבערישער פּערזענ־לעכקייט, און אויב אַפֿילו זיי זענען נישט די ווײַזער און מעסטער פֿון טאַלאַנט, איז אָבער זייער אָנוועזנהייט עלול אים צו פֿאַרשטאַרקן, פֿאַרטיפֿן און צוגעבן אַ ברייטערן פֿאַרנעם. דאַקעגן די אָנוועזנהייט פֿון זייערע קעגנ־זאַצן איז מסוגל יעדן עכטן טאַלאַנט אַפֿילו פֿאַרפֿלאַכן און איבערשטרײַכן.

גבריאל ווײַסמאַן געהער צו די אַרבעטזאַמע, באַשיידענע שרײַבער, וועלכע זענען אין זייער אַרבעט סטימולירט נישט פֿון דרויסנדיקע אַמבי־ציאָנעלע גורמים, נאָר פֿון אַן אינערלעכן שעפֿערישן דראַנג. דעריבער זענען זײַנע אַרבעטן דורכגענומען מיט ערנסטקייט, קלאָרקייט און אחריות.

ווינטשן מיר אים פֿון גאַנצן האַרצן צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג, ער זאָל מיט דער דאָזיקער גוטער און נוצלעכער אַרבעט אָנגיין עד מאה ועשרים — אמן!

ב. שלעווין (פּאַריז)

# גבריאל ווײַסמאַן — אַ בן 75

צווישן אונדז דרייען זיך אומבאַמערקט אַרום — אין יאַריד־טומל פון לעצטיקייט — שטילע מענטשן, וואָס האָבן אין זייער באַשיידן, פלײַסיק לעבן אויפגעטון גרויסע מעשׂים. זיי שטופּן זיך נישט אויבן־אָן. זיי וואַרפן זיך ווייניק אין די אויגן. איך מיין דאָ דעם מעשׂה־דערציילער, פאָלק־לאָריסט, קינדער־דיכטער, קונסט־און ליטעראַטור קריטיקער גבריאל ווײַסמאַן.

גבריאל ווײַסמאַן לעבט שוין שיינע יאָרן אין ישׂראל, און פאַרנעמט זיך די לעצטע צײַט דער עיקר מיט קונסט־קריטיק, מיטן אַנטדעקן אינטע־רעסאַנטע אַספּעקטן פון דער יונגער ישׂראל־מאָלערײַ. מיר לייענען אָפט זײַנע מאמרים, פול מיט פאַרליבטקייט אין קונסט, אין די פּעריאָדישע אויס־גאַבן פון תל־אביב. אָבער אַחוץ קונסט־קריטיק, האָט גבריאל ווײַסמאַן הינטער זיך אַ לאַנגיאָריקע רײַכע טעטיקייט, אַנהייבנדיק פון זײַן היים־שטאָט ראַדאָם, די אונטערגעגאַנגענע עיר ואם בישׂראל. ראַדאָם האָט אויפ־געהאָדעוועט אַ שיינע, שטאָלצע ייִדישע אינטעליגענץ, אויף אַלע געביטן פון ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן.

די באַרימטע גאַרבער־שטאָט פון ייִדישע האָרעפּאַשניקעס אין פּוילן האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי טאַלאַנטפולע שרײַבער, צווישן זיי: דעם באַקאַנטן ליטעראַטור־קריטיקער לעאָ פינקלשטיין, דעם גרויסן דערציילער יהושע פּערלע, דעם לירישן דיכטער משה דוד גיסער און — יבל״א — דעם שרײַבער און קריטיקער גבריאל ווײַסמאַן.

אין אַזאַ רווישיקער, ייִדיש־פאָלקסטימלעכער שטאָט, פול מיט אַ גע־דיכט־אויפגעשטאַנער דורותדיקער ייִדישקייט, האָט גבריאל ווײַסמאַן יאָרן לאַנג זיך פאַרנומען מיט פּעדאַגאָגיע, גלײַכצײַטיק געזאַמלט פאָלקלאָר. געווען אין יענע יאָרן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין ווילנער ייִוו״אָ. אין 1928 האָט ער אַפילו באַקומען אַ וואַרעמע אָנערקענונג פון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים פאַר זײַנע אַרבעטן וועגן ייִדישן פאָלקלאָר.

דאָס זעלבע אויך — פון פוילישן קולטור- און בילדונגס-מיניסטעריום (לויט „איטאָ"-ידיעות פון יענע יאָרן).

אָבער גבריאל ווייַסמאַן איז דער עיקר אַ פּעדאַגאָג. נאָך הייַנט טרעפן מיר אין דער גרויסער וועלט טייל פון זייַנע אַמאָליקע תּלמידים, וואָס רעדן וועגן אים מיט גרויס רעספּעקט און ליבשטפּט. זייַן פּעדאַגאָגישער חוש האָט אים אַוודאי אויך געפירט אויפן וועג צו פאַרשרייַבן פאָלקס-מעשהלעך פאַר קינדער, ווי אויך צו שרייַבן לירישע לידער, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יידישע קינדער-זשורנאַלן איבער דער וועלט און זענען דורך יידישע קאָמפּאָזיטאָרן באַמערקט געוואָרן, צו באַגלייטן זיי מיט מוזיק. טייל פון גבריאל ווייַסמאַנס קינדער-לידער זענען אַרייַן אין כרעסטאָמאַטיעס און אַנטאָלאָגיעס, און דאָס איז אַ גרויסער זכות.

וועגן גבריאל ווייַסמאַנס קינדער-מעשהלעך האָט נאָך אין דער וואַרשעווער „אַרבעטער-צייטונג" פון יאָר 1932, געשריבן אַ פּאָזיטיווע אָפּהאַנדלונג דער באַרימטער שרייַבער יואל מאַסטבוים. נאָך אונדזער נאַציאָנאַלן חורבן, האָט דער באַקאַנטער דיכטער משה דוד גיסער געשריבן אין „דאָס יידישע וואָרט" (דערשינען אין סאַנטיאַגאָ, טשילע, דעם 31.10.1946):

(זע דעם מאמר פון מ. ד. גיסער אין דעם בוך אויף זייט 151.)

ווי מיר זעען, איז גבריאל ווייַסמאַן נאָך לאַנג פאַרן חורבן באַקאַנט געווען אין פּוילן מיט זייַן אינטענסיווער מיטאַרבעט אין צייטונגען און צייַטשריפטן, ווי „אַרבעטער-צייטונג", „יידיש פאַר אַלע", „מאָמענט", „ייוואָ-בלעטער", „קינדער-וועלט" און אַנדערע. ער האָט דערביי געזאַמלט און פאַרעפנטלעכט פאָלקס-ווערטלעך, גלייכווערטלעך, ברכות, שבועות — דאָס גרויסע פאָלקס-רייַכטום, געשאַפן זייַט דורות, וואָס איז פלייסיק גע-זאַמלט געוואָרן פאַרן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

ס'איז געווען אַ נייַ געביט. אין 1908 האָט איגנאַץ בערנשטיין אַרויס-געגעבן אין וואַרשע זייַנע „יידישע שפּריכווערטער". נאָך ש. אַנ-סקין, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען יידישן פאָלקלאָר, איז עס נאָך דעמאָלט געווען אַן אָנהייב, מיטן פאַרצייכענען, אָפּראַטעווען פון דער פאַר-געסנקייט דעם יידישן פאָלקלאָר. דאָס האָט אויך געטאָן גבריאל ווייַסמאַן פון זייַנע יונגע יאָרן אָן, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס יידישע ווערטל,

דער ייִדישער זאָג, איז ווי אַ תּורה, וואָס מען דאַרף עס געדענקען, לערנען דערפון. דער ייִדישער שאַרפזין און חכמה איז „שפּיציק און קײַלעכדיק", און טרעפט אָפּט אין סאַמע פּינטל אַרײַן. אַזאַ אַרבעט איז נישט לײַכט, מען מוז שעפּן דעם מאַטעריאַל פון פאָלק גופא, קלאַסיפיצירן, באַאַרבעטן. דער בלויזער פאָלקלאָר פון דער שטאָט ראַדאָם איז אַ פּערל אויפן דאָזיקן געביט פון זײַן שאַפן.

גבריאל ווײַסמאַנס צווייט אַרבעט־געביט איז געווען, צו שרײַבן אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור און קונסט. נאָך דער מלחמה האָט ער אויך רעדאַגירט דעם יזכּור־בוך „פּנקס סאַכאַטשעוו" און לעצטנס „ספר פּראַגה", ווו עס איז פאַראייביקט די געשיכטע פון לעבן, שאַפן און אומקום פון דער גרויסער, פיל־הונדערט־יאָריקער באַרימטער ייִדישער קהילה קדושה.

אין אונטערערדישן וואַרשעווער געטאָ־אַרכיוו (רינגעלבלום־אַרכיוו) האָבן זיך אויפגעהיטן די זאַמלונגען פון גבריאל ווײַסמאַן. דאָס באַשטעטיקט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין יאָר 1949, נאָכדעם ווי ס'איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ טייל פונעם רײַכן אַרכיוו פון אונטער די חורבות. עס האָבן זיך פאַרהיט גבריאל ווײַסמאַנס אַרבעטן וועגן ייִדישן ליד אין ראַדאָם („דאָס ליטעראַרישע ראַדאָם"), ייִדישע שפּריכווערטער, ווערטלעך, פאַרגלײַכענישן, ברכות, קללות, סימנים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט „מזל" און „שלימזל" (ליטעראַרישע גרופּע, 1930), „יאָמע קצב", פונעם ייִדישן פאָלקס־קוואַל, און פיל אַנדערע.

אַ באַזונדער געביט, ווי געזאָגט, אינעם שאַפן פון גבריאל ווײַסמאַן, איז דאָס ליד, דאָס געזונגענע ליד. מלחמה־צײַט, פאַרוואָרפן אין ווײַטן קירגיזיע, האָט ער, אַליין באַהאַוונט אין מוזיק, אָנגעפירט מיט אַ דראַמאַ־טישן קרייז און מיט אַ כאָר. זײַנע לידער ווערן אין ניו־יאָרק געזונגען דורך דער זינגערין שׂרה פּערשקאָ און אַרײַנגעזונגען אויף פּלאַטן. זײַן ליד „לוצק", פול מיט בענקשאַפט און פּאַטאָס, איז געווען זייער פּאָפּולער.

צו זײַנע 75 יאָר, ווינטשן מיר דעם ייִדישן קולטור־טוער, פאָלק־לאָריסט, דיכטער, ליטעראַטור־ און קונסט־קריטיקער, נאָך לאַנגע יאָרן פון אַקטיווער שעפערישקייט פאַרן ייִדישן וואָרט, וואָס ער האָט עס אָפּגע־היטן אַ גאַנץ לעבן. עד מאה ועשרים!

יעקב צבי שאַרגעל

# גבריאל ווײַסמאַן און זײַנע עסייען

**א.**

דאָס שרײַבן עסייענאַרטיקע מאמרים וועגן שרײַבערס, קינסטלערס, וויכטיקע ווערק, קולטור־ און פילאָסאָפישע פּראָבלעמען א. א. ציט זיך שוין אַ קיימא לן הונדערטער יאָרן. ס׳איז וויל באַוווסט און באַקאַנט, אַז סײַ דער נאָמען — עסיי — סײַ זײַן כאַראַקטער שטאַמען פונעם אַרטיקלען־געזאַמל וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1580, דער באַרימטער פראַנצויזישער שרײַבער און דענקער מישעל דע מאָנטען אונטערן נאָמען ESSAIS. דער יידישער עסיי האָט אַ שפּאָר ביסל פאַרשפּעטיקט. ער האָט זיך אָבער רעהאַבליטירט מיט דער באַטײַטנדיקער צאָל מחברים זײַנע וואָס זענען אויפגעקומען אין דער נײַער יידישער ליטעראַטור און מיט דער גאָר הויכער קוואַליטעט פון זייער שרײַבן. גענוג צו דערמאָנען אַ י. ל. פּרץ, אַ חיים זשיטלאָווסקי, דוד פרישמאַן, און בעל מחשבות, — ווי דער מאָדערנסטער צווישן זיי — ביז צו די וואָס זענען שפּעטער צוגעקומען, ווי מ. גראָס־צימערמאַן, שלמה ביקל און יבל״א דב סדן און זייערס גלײַכן, כּדי צו ציִען די אויפמערקזאַמקייט אויף אונדזער עסיי, וואָס פאַרמאָגט גײַסטיקע געווירצן, בליציקן עספּרי, שפּראַכלעכע רײַכקייטן און שיידט זיך אָפּ פונעם קלאַסישן קריטיק־מאמר וואָס איז על־פּי־רוב טרוקן און דידאַקטיש.

און אָט איז געקומען יעקב גלאַטשטיין און האָט מיט טעם, חן און אָריגינעלער פאַלקישער אײַנפאַלערישקייט געמאַכט נאָך מער פּיקאַנטער און זאַפטיקער דעם עסיי אונדזערן, ביז ר׳איז געוואָרן „אין תוך גענומען״ דער טיפסטער, ברייטסטער און דערהייבנדיקסטער באַהאַנדל־אַרטיקל.

האָבן מיר דערזען, אַז נישט נאָר טעאָרעטיש, ווי עס טײַטשט דאָס אויס דער ווערטערבוך, נײַערט אויך ממשדיק, איז אונדזער עסיי — דאָס שרײַבן וועגן ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען אין אַ סובלימירטער פאָרעם, סוביעקטיוו און אינטים, דערבײַ קיינמאָל נישט רײַסן זיך אַרומצונעמען דעם באַהאַנדלטן ענין ביזן סאַמע סוף, נאָר לאָזן

אָרט פאַר נאָכטראַכטן — אַ נאַטירלעכע קרוינצווײַג פון אונדזער מאמריס־טישן ליטעראַטור־בוים.

דאָ וואָלטן מיר אַוודאי געדאַרפט ברענגען אַ נעמען־ליסט פון די וויכטיקסטע עסייאיסטן, מיט, כאָטש, קליינע מוסטערן פון זייערע יצירות. וואָלט אָבער אַזאַ רשימה אונדז בלויז געוויזן, אַז... וויפל מחברים אַזויפיל סטילן, וויפל עסייאיסטן אַזויפיל פאָרמען. און דאָס וואָלט אונדז רק דער־פירט צום מאמר חז״ל: „לא הרי זה כהרי זה״ — דער איז נישט פונקט אַזוי ווי דער, און זייער צד השווה איז גראָד דאָס באַזונדערע, דאָס אייגנ־טימלעכע, און דער קוואַליטאַטיווער אויסמעסט פון יעדן עסיי באַזונדער.

זענען אַוודאי דאָ בײַ אונדז שרײַבערס וואָס שרײַבן וועגן ווערק און מחברים אין גײַסט פון דער צײַט, ד. ה. מאמרים וואָס באַשווערן דיר דאָס קלאַסיפיצירן, צי זענען זיי בלויז און נאָר ליטעראַטור־קריטיק, אלא צוגעפּראַוועט מיט עסייאיסטיש ריישעכץ, צי זענען זיי עסייען לויט אַלע דינים וחוקים, נײַערט צוגעווירצט מיט קריטיק־כּוונות. פון דאַנען, אַז עס איז שווער צו זאָגן צי אַלע מאמרים וועגן ליטעראַטור און ענלעכע פּראָבלע־מען מעגן אָנגערופן ווערן עסייען. וואָס זשע בלײַבט צו טאָן? — תּיקו.

### ב.

גבריאל ווײַסמאַנס מאמרים וועגן שרײַבערס און קינסטלערס לײַדן צום וויכטיקסטן פון אָט דעם פעלער. אמת, אויך ג. ווײַסמאַן האָטביידע ביכער זײַנע: „פּען־פּראָפּילן״ (1978) און „ישראל־קינסטלער״ (1979) באַצייכנט מיטן קוואַליפיקאַציע־טיטל עסייען, נאָר דאָס קאָן גרייליך זײַן דערפאַר וואָס ער איז נישט אויסן אין זײַנע אָפּהאַנדלונגען צו שפּילן די ראָל פון אַ קריטיקער — פּוסק־אחרון, נײַערט עקספּרעסיוו אַרויסברענגען זײַנע מיינונגען, אײַנדרוקן, מיטלעבונגען מיט די ווערק וואָס ר׳האָט געלייענט (ביכער) אָדער געזען (בילדער), הגם דאָ אָדער דאָרט שרײַט אַרויס קריטיק, אָדער, וויניקסטנס, קריטישע מבינות... נאָך מער. אָפּט מאָל רופט דער אָדער אַנדערער מאמר זײַנער אַרויס בײַ דיר אַסאָציאַציעס, אַז ווײַסמאַן באַהאַנדלט זײַן פּאַציענט מיט כּלים פון קלאַסישער קריטיק: אַ שפּע פון פאַך־ווערטער, ספּעץ־אַרויסזאָגונגען אדגל. ער איז אָבער נישט אַזוי טרוקן־לאָגיש, אַנאַליטיש־פּעדאַנטיש ווי עס זענען געווען די קלאַ־

סישע קריטיקערס אונדזערע, ניגער, מוקדוני א. א. ער קוקט נישט דורך אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז כּדי צו דערבליקן אַן אומפֿינקטלעכקייט, אַ נאָנסענס, אַ גרײַז, ווי, למשל, א. י. ראַפּאָפּאָרט. אויך זײַן לשון, די לעקסיק זײַנע איז אַנדערש ווי בײַ די „ריינע" קריטיקערס. עס פֿאַרמאָגט אין זיך ווייכ־קייט, טייל מאָל — צאַרטקייט, סענטימענטאַלישקייט אַפֿילו. עס טרעפֿט און עס לויפֿט אײַך אַן לייענענדיק, אַ פֿאַרגלײַך, אַז... זײַן לשון פֿליסט ווי דאָס וואַסער אין אַ לויפֿנדיקן טײַך. וואָרעם אָט גיט ער אַ זאָג — רעדנדיק וועגן דעמבלינס „אויף אייגענעם באַראָט" — „ב. דעמבלין איז אַ גרויסער עפּיקער, וועלכער שילדערט און שטעלט זיך אָפּ אויפֿן קלענסטן פּרט און אויפֿן מינדסטן עפּיזאָד. אָבער אָט די כּלומרשטע קליינע און זײַטיקע עפּיזאָדן — דאָס זעלבע דער פּייזאַזש — דינען דעם מחבר ווי אַ מיטל עפּעס אויפֿצודעקן, עפּעס אויסצוקלאָרן". איז דאָס אַזוי שטיל, אַזוי פּשוט און האַרציק געזאָגט, אַז לייענענדיק דאָס מיט האַרץ און מיט מוח ווילט זיך אָט־די־זעלבע „פּשוטע" ווערטער זאָגן אויפֿן מחבר גופֿא.

אָט, אַ שטייגער, זאָגט ער וועגן דער דיכטערין פּערל האַלטער: „אַ מאָדנע שטימונג נעמט אַרום נאָכן איבערלייענען אַ ריי לידער אירע. דאָס זענען לידער וועגן עפּעס ווײַטע חלומות, נעפּלדיקע בענקשאַפֿטן — אומע־טיקע לידער. די דאָמינירנדיקע פֿאַרב — גרוי. פֿאַר אַ נאָווינע מישט זי צו אַ ביסל בלוי". כ'וואָלט אַוועקגעגעבן אַ גאַנצן פּוד קריטיק־אַרטיקלען פֿאַר אָט דעם איינעם קליינעם פּסוק.

פֿון דאַנען מעגן מיר, נישט צופֿעליק, אַ מיש טאָן ביז צו זײַט 112 וווּ ווײַסמאַן רעדט וועגן דב סדנס „די חכמה פֿון חכמות", און טוט זיך אַזוי געמיטלעך אַ זאָג (שיר נישט סדניש...): „ביידע ביכער, סדנס, זענען טויזנט־און־איין־פּלאי־פּלאָימדיקע שאַרפֿזיניקע, חנעוודיקע אַנעקדאָטן, און אַז איר ווילט, מעשהלעך. אָבער צונויפֿשטעלן פֿון 27 גרונט־ווערטלעך אַ בוך „די חכמה פֿון חכמות" דאַרף מען האָבן אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער. בלשון סגי־נהור וואָלט איך געזאָגט: אַ בייזע גבורה".

און אַז מיר קומען צו צו אַ מאַמר, וואָס צוליב סוביעקטיווע טעמים, וועלן מיר אים נישט אָנרופֿן בײַם נאָמען, און באַגעגענען זיך דאָרט מיט אַ פּסוק וועגן „כּוחותדיקן פֿאַרמעסט" פֿון אַ מחבר, און אַז דאָס באַהאַנדלטע בוך איז „דעם פּאָעטס קאָנפֿראָנטאַציע און מאַניפֿעסטאַציע פֿון שפּראַך,

בילד, טאָן, פאַרב און דיכטערישן גלי״, דערזעען מיר ווי רײַך עס איז אונדזער אָרעם לשון און אַז גבריאל ווײַסמאַן פאַרמאָגט זײַן אייגענעם שליסל צו אָט דער דאָזיקער רײַכקייט.

ג.

פון גבריאל ווײַסמאַנס „פען־פּראָפּילן״ ביז זײַן בוך „ישׂראל־קינסט־לער״ זענען קיין סך טײַכן נישט אָפּגעפלאָסן. סײַ די צײַט — אַ יאָר — סײַ דער רעאַליזיר־אופן זענען זיך גאַנץ נאָענטע קרובים. עס איז אָבער דאָ אַ נישט־קשהדיקער מהלך צווישן אָט דיביידע געזאַמלען. אַ מהלך וואָס האָט אַ ברירה צו קוואַליפיצירן יעדן געזאַמל באַזונדער און מזכה צו זײַן גראָד דאָס צווייטע בוך מיטן בכבודיקן טיטל עסייען.

אויב מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז טייל מאָל ווילט זיך פאַרגלײַכן ג. ווײַסמאַנס לשון צום וואַסער פון אַ לויפנדיקן טײַך, איז עס, אָט דאָס לשון זײַנס, אינעם געזאַמל „קינסטלער״ נאָך מער פליסיק. נאָך מער לויפיק. אפשר דערפאַר וואָס ער האָט אַמאָל שטודירט קונסט, אפשר — ווײַל ער איז אין דער קונסט פאַרליבט און לעבט זי, נאָר אַזוי צי אַזוי פּילסטו אין אָט דעם בוך אַ געערויש פון מוזע־פליגל וואָס מאַכן העכער און ברייטער די דימענסיעס און רײַסן דיך מיט צו ווערן נאָענט מיט אָט די קינסטלערס, עס זאָלן דיר ווערן אייגן זייערע שאַפונגען, זאָלסט אַ גרויסן טייל פון זיי אָנהייבן פאַרשטיין און זיי אָנהייבן ליב האָבן, ווי ער — גבריאל ווײַסמאַן.

אין איינער אַן אָפּהאַנדלונג איבער אַ ייִדישן דיכטער אין ישׂראל, האָט מלך ראַוויטש דערציילט און דערקלערט, אַז ער האָט ליב — און פּירט זיך אַזוי אין כמעט 99 פּראָצענט פון זײַנע אָפּהאַנדלונגען — צו ברענגען איין ליד, דאָס אים נאָענטסטע, פון דעם דורך אים באַהאַנדלטן דיכטער, ווי אַ מוסטער. און אָט דאָס איינע ליד איז בכּוח, און איז מחויב, לויט אים נאָך, צו אילוסטרירן און באַשטעטיקן זײַנע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען איבער דעם באַהאַנדלטן משורר. נאָכצוגיין דעם גאַנג פונעם וווּנדערלעכן מלך (ראַוויטש), וואָלט איך געקאָנט אויך אַזוי טאָן.

וואָרעם, לויט מיר נאָך, איז דער עסיי וועגן סקולפּטאָר מיכאל מילבערגער, וואָס איז דער גרעסטער אין כמות אין אָט דעם בוך און דער רײַכסטער אין איכות — ראוי און בכּוח צו דינען ווי אַ מוסטער פון דער

גאַנצער זאַמלונג. מחמת אין אָט דעם עסיי זענען לשון, וויזיע, פּאַכקענ־טעניש, פאַרערונג און ליבשאַפט צום באַשריבענעם און געשריבענעם, אַזוי ענג פאַרבונדן צווישן זיך, אַזש זיי ווערן איין גאַנצס, ווי זיי וואָלטן ממש אַראָפּגעקומען צונויפגעפּאָרטע פון די הימלען, מקשה אחת. וועט איין ציטאַט פון אָט דעם פּראַקטיקן מאַמר געננג זײַן אויף דאָס צו באַווײַזן: —

„דער דאָזיקער אײַנדרוק (אַז מילבערגערס ווערק „זעען־אויס ווי זיי זאָלן שוועבן אין די ספירות העליונות״) איז נישט בלויז קיין סוגעסטיווער, נאָר איז באַזירט אויף געזעצן: געאָמעטריע, ליניע, וואַלאָר, קאָנסטרוקציע, פאַרבליפנדיקע טעכניק — דיסציפּלינירט אין זײַן קינסטלערישן אויסדרוק. נאָר אויב עס וועט זיך ווער דווקא אײַנשפּאַרן און זאָגן: סוגעסטיוו — זאָל זײַן! אמתע קונסט סוגערירט אויך און ווירקט מאָמענטאַל. אָט די מאָמענ־טאַלע ווירקונג איז די בעסטע, די ריכטיקסטע, מחמת דאָס איז דער אויסדרוק וואָס דערנענטערט זיך צו אונדזער געמיט, צו אונדזערע געפילן״.

איז דאָס טאַקע דער בעסטער באַווײַז. ס׳איז כפתור ופרח!

## ד.

די ענציקלאָפּעדישע אויסטײַטשונג פונעם וואָרט קונסט וויל האָבן, אַז קונסט שטאַמט פונעם שורש קאָנען. פון דאַנען, אַז יעדע קונסט איז אַ רעזולטאַט פון איבונג, לערנונג, דערגייַן צו דער יכולת, צו דער קאָנ־טעניש אַרויסצוברענגען דורך יצירה אַן עסטעטישע הנאה פאַר דעם מענטש, פאַר דער מענטשהייט. די העברעיִשע ענציקלאָפּעדיע גיט צו פון איר זײַט, אַז דער עברית־עקוויואַלענט פאַר קונסט — אמנות — שטאַמט פון שורש אימון, ד. ה. לערנונג.

מעגן מיר דאָך אויך וועלן און פאַרלאַנגען פונעם באַהאַנדלער פון קונסט, דעם באַשרײַבער — קריטיקער צי עסייִסט — ער זאָל פאַרמאָגן אָט די אייגנשאַפטן, פלוס — וויסן.

אין גבריאל ווײַסמאַנס מאמרים־ביכער געפינען מיר זייער אַ סך פון אָט די ביידע, און מיר ווערן פון זיי באַווירקט.

נאָוועמבער, 1980

ישעיהו שפּיגל

# וועגן גבריאל ווײַסמאַנס עסייען

דאָס בוך עסייען „ישראל-קינסטלער" פונעם שרײַבער גבריאל ווײַסמאַן איז נישט בלויז נאָך איין בוך וועגן מאָלערס און זייער וועג אין דער קונסט. דאָס איז אַ בוך, וואָס באַרײַכערט די געשיכטע פון דער מאָדערנער ייִדישער מאָלערײַ. לויט זײַן קלימאַט, וואַרעמער, בר-סמכאדיקער אינטער-פּרעטאַציע, הויך-הומאַנישער באַציִונג צום מאָלערס, אָדער סקולפּטאָרס ווערק און אויך צו זײַן יצירה-פּראָצעס, ועל כּולם: דער שפּראַכלעך-קרישטאָליקער, בצימצומדיקער אופן פון מחברס גראַווירונגען פון די לײַוונטן, אָדער סקולפּטור-ווערק — דורך דעם אַלץ, פאַרהיימישט פאַר אונדז ג. ווײַסמאַן אַ גרויסע פּלעיאַדע פון ייִדישע הײַנטצײַטיקע קינסטלער. אַזאַ בוך איז אַ זעלטענע דערפרייענדיקע דערשײַנונג. מיר גייט נישט איצט אין באַהאַנדלען דאָס בוך פון ריין קריטיש-מאָלערישן קוקווינקל — וואָס דאָס אַליין רעדט אויך שוין וועגן מחבר ווי אַ שטאַרק-עמפּינדלעכן און גוט-באַהאַוונטן אין די סודות פון דער קונסט — נייערט מיר גייט וועגן דער לויטערער אַטמאָספער, מיט וועלכער דער שרײַבער רינגלט-אַרום יעדן באַהאַנדלטן שאַפער. די אַ אַטמאָספער פון יראת הכּבוד און ערלעכער פרייד פאַר יעדן מאָלערישן טאַלאַנט, אומאָפּהענגיק פון זײַן מדרגה, דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פונעם בוך. אין דער הקדמה צום בוך רעדט ג. ווײַסמאַן וועגן ספּעציפישן ישראל-קלימאַט, ווו עס ווערן געשאַפן אַ סך לײַוונטן. די אַ ספּעציפישקייט רופט ער אָן: לופט, זון און ליכט. מיר דוכט זיך, אַז ס'וועט נישט זײַן איבערגעטריבן אונטערצושטרײַכן, אַז די עסייען אין בוך, דער צוגאַנג צום מאָלער, זײַן אויסגעקליבענע קאָמפּאָזיציע, דער אופן פון ג. ווײַסמאַנס אַנאַליטיש שרײַבן — איז אויך דורכגעדרונגען מיט לופט, זון און ליכט. מען פילט די שרײַבערישע פרייד אין די שאַפע-רישע כּוחות. שרײַבנדיק, למשל, וועגן די סקולפּטור-ווערק פון מיכאל מילבערגער, דערמאָנט ער עמיל זאָלאָס אַ זאָג: „איך מעסט נישט קיין קונסט לויט אַ תּקופה, אָדער סטיל. אַ מײַסטער דאַרף שאַפן אַ ווערק, וואָס זאָל שטענדיק דערפרייען". אַזאַ ווערק איז טאַקע גבריאל ווײַסמאַנס עסייען-בוך — עס דערפרייט אונדז אַלעמען. דאָס דאָזיקע בוך, ווי אַ קליין, זייער

געראָטן האַנטבוך, מיט זייַנע שיינע קינסטלערישע פירושים און דורכגע־לויכטענעם אַנאַליז פונעם בעל־יצירה און זייַן טאַט — וואָלט געדאַרפט זיך געפינען אין יעדער יידישער שטוב, ווו עס טליעט נאָך דער הייליקער פונק פאַר ריינער יצירה און אירע הומאַנישע ווערטן.

---

## ביכער פון גבריאל ווייסמאַן:

**גוזמאַדיקע מעשהלעך** (דערציילונגען) פאַרלאַג „ליטעראַרישע גרופע", ראַדאָם 1932.

**וועגן מזל און שלימזל** (פאָלקלאָר) פאַרלאַג „אַליין", ראַדאָם, 1938.

(אַ טייל מעשהלעך, געדרוקטע דאָ און דאָרט, האָבן זיך אויפ־געהיטן אין אונטער־ערדישן געטאָ־אַרכיוו — רינגעלבלום־אַרכיוו — וואָס געפינט זיך אין וואַרשע.

**קינדער־מעשהלעך**, פאַרלאַג, „י. ב. שטריימאַן", ראַדאָם, 1938.

**ראַדאָמער פאָלקלאָר**, פאַרלאַג „צוקער", 1939 (פרעמירט דורך דער יידישער קהילה אין ראַדאָם).

**דאָס טעלערל פון הימל**, פאַרלאַג „קינדער־פריינד", וואַרשע, 1939.

**פלאַטע** (לידער) אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק דורכן פאַרלאַג „לעאָן גלאַזער".

(דאָס ליד „לוצק" איז פרעמירט געוואָרן פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין באַלטימאָר, אין יאָר 1955).

**פלאַטע** (לידער) אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק דורכן פאַרלאַג „תקוה רעקאָרד קאָמפּאַני" א. נ. „סאָנגס טו רימעמבער" (לידער צו געדענקען).

די לידער פון ביידע פלאַטן זענען אויסגעפירט דורך דעם קינסטלער־פּאָר **שרה** און **חיים פערשקאָ**.

**„פען־פּראָפילן"** (עסייען) פאַרלאַג „פריינד", תל־אביב, 1978.

**„ישראל־קינסטלער"** (עסייען) פאַרלאַג „פריינד", תל־אביב, 1979.

**פון מיין סאָד**, מעשהלעך פאַר קליין און גרויס. פאַרלאַג „ישראל־בוך" תל־אביב, 1988.

אין שוועדיש: אין „סטודיוס קאַמראַטן"

**גבריאל ווייסמאַן — קונסט־קריטיק.**

# אין דער זאַמלונג:


אילנה מנס-ווײַסמאַן — אין מײַן טאַטנס אַנדענק 9

**פֿאַר קליין און גרויס**

איך שפּיל זיך נישט מער אין מלחמות 13
דער זייגער האָט זיך צעבייזערט 17
יורמ׳ס זאַכן האָבן זיך צעבונטעוועט 19
רכילות פֿונעם אל״ף-בית 24
אין דרוקערײַ 27
אַ שוסטער מיטן קאָפּ פֿון אַ מיניסטער 31
אַ מעשׂה מיט לייבן 36
מחמת שׂרׂרה 42
אַ שמועס צווישן בריוו 47
אַלץ האָט אַ גרענעץ 50
פֿאַרוואָס חודש פֿעברואַר האָט 28 טעג 53
יאָסי אַפּלאָדירט צום טאַקט פֿון רעגן 58
קאַראַהאָד 62
פֿאַרוואָס און פֿאַרוואָס 64
אַ שמועס צווישן טאָג און נאַכט 66
די חתונה פֿון נאָדל-פֿאָדעם 68
אַ נײַע וועלט 73
וואָס אין דאַרטיקן וואַלד פּאַסירט 78
נאַריש ווי אַ גאַנדז 82
דאַנקבאַרקייט 85
דאָס טעפּעלע סם 87
דער בעקער 89
דער שמיד 90
דער שוסטער 91
אין דיסני-לאַנד 92
גיטעלעס שפּאַס 95
אַן אײַנרעדעניש איז ערגער פֿון אַ קרענק 98
וויגליד 102
דער אָדלער און דאָס העזעלע 104
דער דאַרפֿסמאַן, דער וואָלף און דער פֿוקס 106
זײַן ערשטער פֿלי 108
מאָטל באַרימער 112
נישט אָפּלאַכן פֿון קיינעם 114
אויף אַ פּורים-באַל 117

יעדעס פּאָר צוגלײַך — מאַכט די מענטשהייט רײַך 120
יעדער זאַך האָט איר געשיכטע 122
דאָס קלײנע אַרבעסל 128
שלמה המלך און די פייגעלעך 131
אַ משפּט פּאַר שלמה המלך 133
שלמה המלך און דער באַרימער 134

## לידער מיט מעלאָדיעס

עלעגיע 135
מײַן געבעט 136
זינג מיר מײַן פרײַנד 137
טרויער 138

## צום און וועגן מחבר

אַ בריוו פון דוד פּינסקי 142
אַ בריוו פון דניאל טשאַרני 143
אַ בריוו פון ה. לייוויק 144
אַ בריוו פון אברהם סוצקעווער 145
אַ בריוו פון משה קנאַפּהייס 147
י. ח. בילעצקי: „ישראל-קינסטלער" פון ג. ווײַסמאַן 148
משה דוד גיסער: גבריאל ווײַסמאַן 151
דוד ספּאַרד: שריפטשטעלער און באַשיידענער מענטש 154
ב. שלעווין: גבריאל ווײַסמאַן אַ בן 75 157
י. צ. שאַרגעל: גבריאל ווײַסמאַן און זײַנע עסייען 160
ישעיהו שפּיגל: וועגן גבריאל ווײַסמאַנס עסייען 165